אײדע מאַזע

# נײַע לידער

אַרויסגעגעבן פון לייען־קרייז
בײַ דער
אידישער פאָלקס ביבליאָטעק
מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

1941

# אַז איך וועל קומען

אַז איך וועל קומען צו אייך אלעמען
מיט פרייד אויף מיינע ליפּן,
און וועל אייך ברייגנען אַלעמען
די ליבשאפט פון מיין הארצן,
בעט איך אייך,
איר זאָלט גלויבן מיינע ליפּן,
בעט איך אייך,
איר זאָלט טרויען מיינע רייד.

ווייל באַ זיך אַליין
איז דאָך יעדערער אַ מענטש,
ווייל מיט זיך אליין
בייגקט דאָך יעדערער נאָך פרייד;
מיר בייגקען אלע, פארגעבונג און פארגעבן,
מיט זיך אליין
אין חשבון, שטילערהייט.

און איך אליין
בין אַזאַ מענטש ווי אלע, —
נאָר פון תמיד, מער, נאָך מער פאַרבייגט,
און וועב דעם צער אין זיך,
און וועג אים פאר אייך אלע,
מיט זיך אליין
אין חשבון, שטילערהייט.

# נאָך גוט

נאָך גוט וואָס עס איז דיר דיין אייגן הארץ
אזוי נאָנט, אזוי איבערגעבן.
אז דורך אייגענעם ווייטאָק
דערפילסטו די ליידן פון יעדערנס לעבן.

אז עס לערנט דיך דיין אייגענער עלנט
דעם עלנטן אַ וואָרט ווי צו זאָגן,
און דיין אייגענער יאָך ווערט דיר גרינגער,
דורך די לאַסטן וואָס אַנדערע טראָגן,

און דיין צער און דיין פרייד איז אַזאַ,
וואָס בינדט זיך מיט יעדערנס לעבן.
נאָך גוט וואָס עס איז דיר דיין אייגן הארץ,
אַזוי נאָנט אַזוי איבערגעבן.

# איך געהער

איך געהער צו יענע פרויען,
וועמענס מאַן איז ניט קיין העלד:
ניט באַם יאַגד אין וועלדער,
ניט אין געיעג נאָך געלט.

איך געהער צו יענע פרויען,
מיטן לעבן איינפאַרטרויט
צו אַ מאַן ווי אַלע מענער,
וואָס זוכן שווער דאָס ברויט.

איך געהער צו יענע פרויען,
פון יאָך און הויזגעזינד;
וואָס צירן זייערע העלדזער,
מיט די אָרימס פון אַ קינד.

# הענט

הענט וואָס האָבן געוואוינט
אין שכנות מיט נויט,
און פֿאַרמאַכט מידע אויגן
צום שלאָף און צום טויט;

און געציילט אויף די פינגער
די ליידיקע יאָרן,
וואָס קומען, און גייען,
און ווערן פֿאַרלאָרן;

און זוכן נאָך אַלץ,
מיט דער בלינדקייט פֿון מענטשן,
אַ האַנט אויף צו גלעטן,
אַ קאָפּ אויף צו בענטשן.

# טאָג מיינער

טאָג מיינער, אין אייגן בלוט פאַרוועבטער,
אויסגעפילט מיט ווייטאָק און מיט פרייד;
איך שפרייט זיך אויס ווי ווייכער וואָל
פאר דיין טראָט דעם שווערן —
איך שפרייט זיך אויס ווי גלאַטסטער סאַמעט,
אונטער דיין טראָט פון פרייד.

טאָג מיינער, אין רעכענונג און זעאונג,
ווייטע טענער און ווייסער פליגל־רוף;
שפרייטסט געוועב פון גאָלד
אויף מיינע מידע ברעמען,
ווי איך טריף אויס מיין ליכט
צום רוף פון דיין פאַרגיין.

# וואו איך קום

וואו איך קום האָבן מענטשן מיך ליב,
איך האָב זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן;
עס האָט יעדער אַ מאָלצייט פאַר מיר,
און א גוט וואָרט מיר צו זאָגן.

עס האָט יעדער פאַר מיר וואָס געשפּאָרט,
און וועט עס אין דער שטיל מיר אָפּגעבן;
איינער אַביסעלע פרייד,
אַ צווייטער דעם ווי פון זיין לעבן.

איך נעם עס מיט ציטער אין הענט,
איך נעם עס מיט טרערן אין אויגן;
זוך פאָרזיכטיק אום אין מיין האַרצן
ווי די מתנות צו לייגן.

און ס׳ווערט צער פון מיין אייגענעם צער,
און ס׳ווערט פרייד פון מיין אייגענעם לעבן,
פון דעם וואָס מען האָט מיר פאַרטרויט,
פון דעם וואָס מען האָט מיר געגעבן.

## איך וועל אָנשרייבן אַ ליד

איך וועל אָנשרייבן אַ ליד
וואָס זאָל אָפּשפּיגלען מיין אומעט,
ווי עס שפּיגלט דער פאַרנאַכט
דעם אומעט אויף די בוימער.

מיין הארץ טראָגט פולע הענט
מיט בייגקשאפט צו די רוימען,
טראָגט פולע שווערע קוישן
מיט טרערן און מיט טרוימען.

# ווייסער זעגל מיין טרויער

ווייסער זעגל מיין טרויער,
אויף בלויען ים טוט שווימען,
און עס שלאָגן זיך כוואַליע אָן כוואַליע
דעם זאַמדיקן ברעג צו געפינען.

ווייסער זעגל מיין טרויער,
אָן ציל אויף די כוואַליעס שווימט אום;
און עס ציט זיך די זון צום פארגיין,
אונטער דער גאָלדענער ברוסט פון דער זון.

ווייסער זעגל מיין טרויער,
ווייסט אין ווייטן קיין רו ניט געפינען;
ס'האָט דער ים פאר זיין אייגענער אומרו
אַ גרויע קלייד אויסגעשפונען.

און דאָס ברויזיקע האַרץ ווי דער ים,
איז מיד, און זוכט רו צו געפינען;
ווייסער זעגל מיין טרויער,
טוט פון ווייטן צוריק צו מיר שווימען.

# פאַרשפּעטיקט

פרייד איז היינט צו מיין טיר געקומען,
פרייד איז היינט בײַ מיין טיר געווען;
נאָר איך בין געזעסן מיט אומעט פאַרנומען,
און האָב פרייד בײַ מיין טיר ניט געזען,

דאַן האָט טרויער מיך אויך פאַרלאָזן,
און געלאָזן מיך אַליין;
אַ שאָד וואָס איך האָב פרייד בײַ מיין טיר ניט געזען;
עס האָט געמוזט אויסזען אַזוי שיין!

# ווי אַ קינד רעדט

קלוגע מענטשן ריידן ניט צום גראָז,
נאָר איך בין אַ נאַר —
רייד איך צום גראָז.
איך רייד צום גראָז ווי אַ קינד רעדט;
ווי איינער אין חלום,
און ווי אין א געבעט.

און צום בוים רייד איך אויך,
און צום מינדסטן בלעטל פון בוים,
ווייל איך בין אליין —
און ווי דער קלענסטער בלעטל אזוי קליין.

און ווייל מיר איז אומעטיק אויף דער וועלט אליין,
רייד איך צום גראָז, רייד איך צום בוים,
מיט נארישע רייד ווי א קינד רעדט;
ווי איינער אין חלום,
און ווי אין א געבעט.

# ווי שיין

ווי שיין די טריט פון דער עלטער,
פאָרזיכטיק, לאַנגזאם און שטיל:
זי גייט דורך געמאָסטענע שטעגן,
יעדער טראָט אַ דערגרייכונג צום ציל.

יעדער טראָט אַ שטאָפּל אַרונטער,
צום טאָל און צום זוניקן ברעג;
וואו עדות פון דורות אין ווייסן,
לויכטן אַנטקעגן דעם וועג.

מיר ווילט זיך זיין ווי מיין טאטע,
לעבן און שטאַרבן ווי ער,
אַכציק יאָר זיינע פרוכטבאַרע, זאַטע,
מיט גלויבן און ליבשאַפט ביז טרער.

גיין ווי ער איז געגאנגען,
מיט גלויבן צום זוניקן ברעג;
און ער זאָל מיר קומען אנטקעגן,
אויף ווייסן אויף ליכטיקן וועג.

# די פרייד

די פרייד איז געניט און אַלט,
און ווייס אַלע זייטיקע וועגן;
זי קומט דורך שעהן צו דיר
ווי די זון וואָס קומט נאָכן רעגן.

און היטן דארפסטו איר טראָט,
וואַכן מיט אָפענע אויגן;
דער קלענסטער וואָלקן פארווישט,
דאָס ליכט פון דעם רעגנבויגן.

ס'האָט זיידענע פליגל די פרייד,
איר פלי איז פייל פון בויגן;
זי קומט צו דיין וואַרימער בעט,
און פארקושט דיר מיט שלאָף דיינע אויגן.

זי וועבט זיך אריין אין דיין חלום,
מיט ליכט פון זון אין באַגינען;
און זינגט ארויס פון אונטער דיין טראָט,
מיטן גאָלדענעם זשום פון די בינען.

# מיין חלום

מיט יעדן גלעט וואָס עס גיט דיך דער ווינט,
גלעט מיין אויג און מיין האַרץ דיך צוגלייך;
ביזט מיין קינד ווי א יונגינקער אינד,
אויף גרינינקער לאָנקע באַם טייך.

שפּרינגען לייכט דיינע בויגיקע פיס,
שויבערט גאָלד אויף דיין זוניקן קאָפּ;
און די כוואַליעס ווי זילבער אין טייך,
וויגן אום זיך ארויף און אַראָפּ.

שפּיגלען אָפּ זיי אין זיך דיין געשטאַלט,
ביזט א שפּרינגענדיק יונגינקער אינד;
און מיין חלום מיט דיר דאָרט צוגלייך,
אויף גרינינקער לאָנקע באַם טייך.

# אלץ צוליב מיין אינגעלע

איך פֿאָר פֿון שטאָט אין דאָרף ארויס,
פֿעלד אריין און פֿעלד ארויס,
אַלץ צוליב מיין אינגעלע.

פֿאַלט אין דאָרף אַ שניי אַרויס,
אַ ווייכער ווייסער שניי אַרויס,
אלץ צוליב מיין אינגעלע.

פֿון הימעל קריכט די זון ארויס,
אגרויסע, גרויסע, זון ארויס,
אַלץ צוליב מיין אינגעלע.

וואַרפֿט די זון איר גאָלד אויף שניי,
פֿולע הויפֿנס גאָלד אויף שניי,
אלץ צוליב מיין אינגעלע.

פֿויער גייט אין שטאַל אריין,
שפּאַנט ער פֿערד אין שליטן איין,
אלץ צוליב מיין אינגעלע.

רויטער שליטן, רויטער פֿערד,
גאָלד און זילבער אויף דער ערד,
גלין גלאָן, גלין גלאָן, ווייסע וועלט,
אלץ צוליב מיין אינגעלע.

# לאה׳לע

לאָה׳לע איז א מיידעלע
פון חדשים גאַנצע אַכט,
פּאַטשט זי מיט די הענטעלאך,
און לאַכט, און לאַכט, און לאַכט.

איר וועלט איז א קליין בעטעלע,
מיט שפּילכלאַך אָנגעפּילט,
פארפּלעכט זי הענט אין פיסעלאך,
און שפּילט, און שפּילט, און שפּילט.

און קלוג איז קליינע לאָה׳לע,
מיט חכמות אָן אַ מאָס;
זי טרייבט אליין אַ פליג אראָפּ,
פון איר פּיצל נאָז.

און גייט נאָר ווער אין שטוב אריין,
אַ העפליכקייט אַזאַ, —
קושט זי איר שפּיץ הענטעלע,
און שאָקלט עס טיאַ טיאַ.

און ליב האָט זי א יעדערן,
איז מיט קיינעם ניט אין קריג;
רעדט צו יעדער צאַצקעלע
וואָס ליגט באַ איר אין וויג.

קלוג איז אונזער לאָה׳לע,
און שיין ווי גאָר די וועלט;
און זשמורקעט מיט די אויגעלאַך,
און קוועלט, און קוועלט, און קוועלט.

# דער שרייבער

אלע שרייען זיי אויף מיר,
טשעפּע ניט דאָס טינט און פּען!
מוז איך שרייבן מיינע בריף,
אז קיינער זאָל ניט זען.

אין א ווינקל אונטערן טיש,
וואו עס זעט מיך קיינער,
נעם איך טינט מיט פּענעס מיט,
און שרייב מיט יעדער איינער.

גיס איך טינט אָן אויפן דיל,
און שרייב שוין מיטן פינגער,
אין העפט צו שרייבן נעמט צו לאַנג,
אויפן וואַנט איז גרינגער.

איך שרייב זיי גוטע, שיינע בריף,
פון זאַכן אלערליי;
און איך זיץ דאָך אזוי שטיל —
טאָ וואָס זשע שרייען זיי?

# כ'וואָלט וועלן זיין

כ'וואָלט וועלן זיין,
כ'וואָלט וועלן זיין,
כ'וואָלט וועלן זיין א האָז,
און נאָכלויפן נאָך העזעלאך
וואָס שפּרינגען אום אין גראָז.

כ'וואָלט וועלן זיין אַ יעגער,
מיט הינט און ביקסן פיר,
און מאַכן אלע חיות.
זאָלן ציטערן פאַר מיר.

כ'וואָלט וועלן זיין א זיידע,
מיט א לאנגער, ווייסער באָרד,
און אומגיין מיט א שטעקעלע
קוים רירן זיך פון אָרט.

כ'וואָלט וועלן זיין א שרייבער
מיט ברילן אויפן נאָז,
כ'וואָלט וועלן זיין,
כ'וואָלט וועלן זיין,
א—כ'ווייס אליין ניט וואָס.

כ'וואָלט וועלן זיין א פליער,
און פליען מיטן ווינט,
און מאַמע זאָגט זי וויל נאָר,
איך זאָל זיין א גוטע קינד.

# קינדער אוינן

יעדע נאַכט אזוי,
בלויע הימלען צוויי,
עפּענען זיך אויף,
ווי די זון גייט אויף.

און ווי די זון פאַרגייט,
מאַכן זיי זיך צו,
שלאָפן שמייכלענדיק,
אין א וועלט פון רו.

אין א וועלט פון רו,
בלויע הימלען צוויי,
און א הארץ מיט פרייד,
ציטערט איבער זיי.

יעדע נאַכט אַזוי,
און יעדן טאָג באזונדער,
עפּענען זיך הימלען צוויי,
אין א וועלט פון וואונדער.

# אַ פּורים מעשה

עס באַקט די באָבע המן־טאַשן,
און דער זיידע פּאַסט אַ תענית,
און דער טאַטע מאַכט אונז גראַגערס,
און מאַמע גרייט די שלח־מנות.

מיט די גראַגערס אין די טאַשן,
אויסגעפּוצט זיך שיין און פיין,
נעמט דער זיידע צו דער מגילה
אונז אין שול אריין.

אין מגילה איינגעוויקלט
איז א מעשה וואונדער־שיין,
פון אַ אסתר מיט אַ מרדכי
און א קעניג מיט א קרוין.

און א המן אַ גרויסער רשע
איז דאָרט אויך פאַראַן,
און דערמאָנט מען נאָר זיין נאָמען,
מאַכן מיר גראַן! גראַן!

אויסגע׳הרג׳ט אַלע המנס
קיין איינעם ניט פאַרגעסן,
לויפט מען גלייך פון שול אַהיים
גוטע קרעפּלאַך עסן,

נאָכדעם שיקט מען שלח מנות,
שיינע לעקאַכלאַך מיט מאָן,
איך מיט מאָטלען שיקן אויך,
מיר שפּילן אויך אין קאָן.

שיקט מאַמע טאַטן שלח מנות,
שיקט אַן עפּל מיט אַ באַר,
איך מיט מאָטלען זיינען טרעגער,
צאָלט מען אונז דערפאַר.

צו דער סעודה טרינקט מען, עסט מען
גוטע זאַכן פיל,
דערציילט דער זיידע אונז אַ מעשה
מיט אַ פּורים שפּיל.

איז די מעשה אַזאַ שיינע,
אַז מען פרייט זיך און מען לאַכט,
אָנגעשפּילט זיך, אָנגעפרייט זיך,
גייט מען שלאָפן — אַ גוטע נאַכט.

# אַ חלום פון אַ אינגל

די מאַמע האָט פאַרפּוצט אונזער הויז אַזוי פיין,
מיר האָבן שוין מצה, מיר האָבן שוין וויין.
אונז אַלעמען האָט מען באַפרייט היינט פון חדר,
און איך קען שוין די קשיות פרעגן באַם סדר.

איך פרעג די פיר קשיות איינע נאָך איינע,
און קוק מיר דערביי אויף די כוסות די שיינע,
קוק אויף דעם כוס מיט די גאָלדענע בלומען,
און טראַכט פונם גאַסט וואָס דאַרף צו אונז קומען.

אליהו הנביא וועט באַלד באַ אונז זיין
און טרינקען פון כוס מיט די בלומען דעם וויין,
אַזוי טראַכט איך און וואַרט און קוק צו דער טיר
ביז מיינע אויגן פאַרמאַכן זיך מיר.

אליהו הנביא איז גוט אַן אַ שיור,
איז ער אין חלום געקומען צו מיר;
ער האָט מיך אַ גוטער גענומען באַם האַנט
און מיך געפירט אין אַ ווייט ווייטן לאַנד.

דאָס איז דאָס לאַנד פון מצרים געוועזן,
איך האָב אַלע אידן אַלס קנעכט דאָרט געזען,
דעם געשפּאָלטענעם ים געזען אין מיין חלום,
געזען אַלע אידן אריבער בשלום.

געזען ווי פּרעה'ס חיל אין ים זיך געטרונקען,
זיינע פערד מיט די רייטער אין אָפּגרונט געזונקען,
ווי משה־רבינו מיט זיין שטעקן אין האַנט
האָט געפירט זיינע אידן צו אַן אייגענעם לאַנד.

און די ציגעלע פון חד גדיאָ איז אויך דאָרט געוועזן,
אַ שיין ציגעלע פאַר צוויי גילדן האָב איך דאָרט געזען,
מיטן ציגעלע האָב איך געשפּילט זיך, געפרייט און געלאַכט,
אליהו האָט געקושט מיך אַ גוטינקע נאַכט,
און אַ פריילאַכן צוריק צו מיין בעטל געבראַכט.

# איך בין דער וואַנדערער

באַ דיר אין האַרצן
ליגן וואונדער פארבאהאלטן,
איך בין דער וואַנדערער
וואָס זוכט דעם וואונדער פון דער וועלט.

# דערפאר.

דערפאַר וואָס בוים טוליעט זיך צו בוים,
און באַרג צו באַרג,
און גראָז צו גראָז,
דערפאר ביינק איך נאָך דיר.

דערפאר וואָס שטערן שפּילן זיך מיט שטערן,
און רוימען ארום זיך מיט זילבערנע סודות,
דערפאר ביינק איך נאָך דיר.

דערפאר וואָס נאַכט ברייגגט מיט זיך חלומות,
און וויקלט איין די וועלט אין ציטערדיקער
ביינקשאפט,
דערפאר ביינק איך נאָך דיר.

# וואַרטנדיק

עס וואַרטן יעדע נאַכט אויף דיר
די לאָמפּן אין מיין הויז,
מיט די העלסטע פייערן
קוקן זיי ארויס.

מיט די וואַרטנדיקע לאָמפּן
לויכט אויף א דינע ליכט אין מיר,
לויכט איך אויף מיט אלע פייערן,
און וואַרט אויף דיר.

ברענען מיינע לאָמפּן דורך אזויפיל נעכט —
ווארטנדיק אויף דיר,
און איך זיץ און קוק אויף מיינע לאָמפּן,
ביז דער דינסטער פייער לעשט זיך אויס אין מיר.

# שלאָף ליד

די שעה איז שפּעט און איך בין מיד,
און עס בעטן זיך שלאָפן די נאַכט און מיין ליד.

נאָר הינטערן פענצטער וויינט דין דער ווינט,
ער וויל דיך פאַרוויגן מיט זיין ליד וואָס ער
שפינט.

און דו אין דיין שלאָף זע חלום אויס,
פאר זיך אזאַ פרייד ווי די זון די גרויס.

און פאר מיר א טרער, פאר מיין געבעט,
און אַ שאָטן פון רו איבער מיין בעט.

און מאָרגן פון פרי, און מאָרגן ביז שפּעט,
וועל איך קניען פאר דיין בעט,

קניען אין פרומקייט פאר דיין בעט,
און בעטן פאַר דיר און פאר מיר א געבעט.

און עס ווייס דאָך די זון ווי איך האָב דיך האָלט,
זי וועט מיר שענקען אַ פאָדים גאָלד.

און די נאַכט — איר ווייסע העמד,
איך וועל דיך וויגן אויף מיינע הענט,

פלעכטן גאָלד אין דיינע האָר,
און זינגען דיר פון ליבשאפט נאָר

פון טעג מיט פרייד, פון נעכט מיט שלום,
און וועבן גאָלד אין דיין ווייסן חלום.

# נאָר איך און נאָר דו

זיינען מיר דאָ אזוי איינע אַליין,
נאָר איך און נאָר דו אזוי איינע אַליין.

און די וועלט ארום אונז אזוי גרויס אזוי שיין,
און מיר אין דער וועלט אזוי קליין אזוי קליין,

איינע אליין אזוי איינע אליין.

# זע ווי שיין

שמעטערלינגען טאַנצן אום,
זע ווי שיין, זע ווי פריי,
לאָז מיך נעמען דיך באַם האַנט,
דער טאָג גייט באַלד פאַרביי.

אלץ ווערט טונקל, אלץ ווערט גרוי,
נאַכט קומט אָן פון אומעדום,
זעסט דעם קליינעם שמעטערלינג
טוליענדיק זיך צו אַ בלום?

לאָז מיך נעמען דיך באַם האַנט,
רייד צו מיר מיט ליבע רייד,
ביז די שעה איז פאַר אונז ניי,
זאָג אַ ליגן, רייד פון פרייד,
דער טאָג גייט באַלד פאַרביי.

# קיין מאָל ניט אַליין

זינט דו ביזט אַוועק פון מיר,
בין איך קיין מאָל ניט אליין;
סיי אין וואָר, סיי אין חלום,
קיין מאָל — קיין מאָל ניט אליין.

דיינע אויגן פול מיט טרויער,
און דיין פנים פול מיט חן!
נאָר זיי קומען און זיי גייען,
לאָזן קיין מאָל מיך אַליין.

און זיי מאָנען, און דערמאָנען,
ביז געלעכטער, ביז געוויין,
זינט דו ביזט אוועק פון מיר,
בין איך קיין מאָל ניט אליין.

# צוליבּ דיר

איך האַלט אָפן מײַן טיר
ברייט, ברייט,
צוליבּ דיר, צוליבּ דיר.

מײַנע אויגן קוקן,
ווייט, ווייט,
צוליבּ דיר, צוליבּ דיר.

איך האָבּ פאַרשלאָסן מײַן האַרץ,
שטײַף, שטײַף,
צוליבּ דיר, צוליבּ דיר.

# נאָנט, אזוי נאָנט

נאָנט, אזוי נאָנט ווערסטו מיר,
שטייענדיק באַם שוועל פון מיין טיר,
קום, זעץ זיך אַוועק לעבן מיר,
נאָנט אזוי נאָנט צו מיר.

איך וועל טיילן מיין עלנט מיט דיר
וועסט טיילן דיין אומעט מיט מיר,
קום זעץ זיך אַוועק לעבן מיר,
נאָנט, אַזוי נאָנט צו מיר.

# אייביק אין מיין וועלט

אלע ווערטער אויסגערעדט,
אַלע טרערן אויסגעוויינט,
און דו ביזט אלץ ניטאָ,
און דו ביזט אַלץ ניטאָ.

איך ווייס דו וועסט ניט קומען,
איך רוף ניט מער דיין נאָמען,
דיין אָרט איז ליידיק אין מיין וועלט,
אזוי ליידיק אין מיין וועלט.

וועט עס אזוי בלייבען,
אייביק אזוי בלייבן,
ליידיק אין מיין וועלט,
אייביק אין מיין וועלט,

# נאָכדעם ביזטו ניט געקומען

עס האָט היינט לאַנג לאַנג גערעגנט,
נאָכדעם איז די זון ארויס,
איז געוואָרן אַ רעגנבויגן.

איך האָב היינט לאַנג לאַנג געוויינט,
נאָכדעם ביזטו ניט געקומען,
מיר ניט אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן

איך האָב לאַנג לאַנג געקוקט
מיט פארוויינטע אויגן.

# האַרבסט ליד

אין האַרבסטיקע טעג איז אַ שיינקייט פאַראַן,
ווי אין דעם אומעטיקן ניגון פון אַ פאַרנאַכטיקער תפילה;
מיר איז איצט צום האַרצן זילבערנע האָר,
מיר איז איצט צום האַרצן ווערטער שטילע.

עס שפינט נאָך די זון איר גאָלד אויף מיין קאָפּ,
דער טאָג שטייט נאָך העל פאַר מיינע אויגן;
נאָר עס האָט דער אָפּשיין פון האַרבסט שוין אין הארצן באַ מיר,
זיינע זילבערנע פעדים פאַרצויגן.

עס האָבען יאָרן מיט טרויער פארטרויט זיך אין מיר,
און איך טראָג זיי אין זיך ווי הייליקע סודות;
מיר איז איצט צום האַרצן זילבערנע האָר,
איר הארבסטיקע טעג, מיינע גאָלדענע עדות.

# איך האָב געהערט די לבנה ריידן

איך האָב געהערט די לבנה ריידן,
צו דיר און מיר מיט דינע רייד;
ווייסע פרייד ווי שפריי פון זילבער,
האָט זי פאַר אונזער אויג געשפּרייט.

איך האָב געהערט די לבנה ריידן,
צו דיר און מיר מיט דינע רייד;
זילבער טרויער פון נאַכט און שיידונג,
האָט זי פאַר אונזער טראָט געשפּרייט.

איך האָב געהערט די לבנה ריידן,
צו מיר אַליין מיט דינע רייד,
זילבער טרערן פון אירע אויגן
האָט זי אויף מיינע הענט געשפּרייט.

# קום ארויס

(נאָכן כינעזישן)

דער מילדער מזרח ווינט —
בלאָזט ווייך אַוועק מיינע געדאַנקען —
מיט די רויטע און ווייסע בליהונגען,
צו דער, וועמען איך האָב ליב.

קום ארויס אין גאָרטן
אונטערן פלוימען בוים,
און הער זיך איין צו דעם קול —
פון מזרח ווינט.

# עס נענט די פרייד

מיר איז גוט וואָס דו האָסט מיך ליב,
גוט צו הערן געצערטלטע נעמען.
עס שפרייטן דיינע רייד אַ מילדע ליכט ארום מיר,
ווי די זון איר גאָלד אויף מיינע מידע ברעמען.

געוואַרט געוואַרט אַ לאַנגע צייט,
עלטער, קליגער און מידער געוואָרן;
עס נענט די פרייד מיט געמאָסטענעם טראָט.
ווי עס פּאַסט פֿאַר פרייד אין מיטעלע יאָרן.

ווי שטילער וואַסער וואָס ווייס זיין גאַנג,
ווי געוואַשענער זאַמד אויף זוניקע ברעגן,
דיין זאָרג פאר מיר, ריין געוואַשענער וואָל,
געגרייט פֿאַר מיין טראָט אויף שטילע וועגן.

# מיין חלום

זאָל מיין חלום בלייבן חלום,
זאָל ער קיין מאָל ווערן וואָר,
בלוי פון פלאַקס־בלי זיינע אויגן,
בלאָנדער פלאַקס־פעלד זיינע האָר.

אַז מיין חלום וועט בלייבן חלום,
וועט ער אייביק בלייבן שיין;
עס וועלן יאָרן אויף אים שאָטענען,
ווי אָוונט שאָטנט איבער אַ בוים.

ניט פאַרגיין וועט ער, מיין חלום,
ווי נאָכן טאָג די זון פאַרגייט,
נאָר ווי אַ רעגנבויגן איבער מיר הייגען,
מיט גוטן צוזאָג און גוטע רייד.

# צום פארלוירנסטן

דעם פאַרלוירנסטן פון אַלע פון אייך,
וועל איך מיין לעבן פארטרויען:
פון קלאָרן געלייטערטן פּייַן,
וועל איך זיין וועלט פאַר אים בויען.

באַ דעם פאַרלוירנסטן פון אַלע פון אייך,
איז קיין פרייד און קיין צער ניט געבליבן;
איך וועל זינגען פון ליבשאַפט צו אים,
אים לערנען זיין וועלט ווי צו ליבן.

איך וועל באַשפּינען מיט ליכט זיינע אויגן,
באַהעלן מיט גלויבן זיין שטערן,
איך וועל חלום׳ען זיינע חלומות,
און וויינען פאַר אים זיינע טרערן.

אין דער ווייטנס פון אַלע פון אייך,
וועל איך זיין וועלט פאַר אים בויען;
דעם פאַרלוירנסטן פון אלע פון אייך,
וועל איך מיין לעבן פאַרטרויען.

# וואָס זאָל עס זיין?

זיינע ליפּן אויף מיינע, קאַלט און טויט,
זיינע הענט אַרום מיין האַלדז אין יאָמער פאַרדרייט,
בעטן זיך רחמים, פאַרגיב, פאַרגיב.

זיינע טרערן אויף מיין פּנים, זודיקער בליי,
זיינע ווערטער צו מיר, אזוי פרעמד און ניי,
בעטן זיך רחמים, פאַרגיב, פאַרגיב.

דורך חלום פון שלאָף, רופט ער און רופט,
ער רופט ניט מיין נאָמען, ער געפינט ניט קיין טרייסט,
זיין קאָפּ אויף מיין האַרצן געפינט ניט קיין רו,
אוי, וואָס זאָל עס זיין? ווער ווייס? ווער ווייס?

# זי איז פון הונגער געשטאָרבן
# די נאַרישע ליבע

זי איז פון הונגער געשטאָרבן די נאַרישע ליבע,
ווער וועט איר צום גוטן געדיינקען ?
פולע הענט מיט מתנות שטענדיק געטראָגן
און ניט געהאַט זיי וועמען צו שיינקען.

זי איז פון הונגער געשטאָרבן די נאַרישע ליבע,
ווער וועט איר נאָמען דערהויבן ?
אייביק נאָר אומגיין מיט אויגן פארטרערטע,
און ליבן און ליידן און גלויבן.

# אין וועלט פון חלומות

אין וועלט פון חלומות
איז די לופט אזוי דין,
ווי אין גאָלד פון דער זון,
דאָס געוועב פון אַ שפּין.

אויף פליגלען פון זייד,
שוועבט די צייט דאָרט אַרום;
אזוי לייכט, אזוי שיין,
אין גאָלד פון דער זון.

פאַר אונז ביידן אַ פרייד,
דאָ, זייט באַ זייט,
זען אונזער בליק
געוויקלט אין זייד.

זען אונזער גליק
נאָך פלאַטערן דאָרט,
מיט יונגע צוויי הערצער,
געשמידט צו דעם אָרט.

פאַר אונז ביידע אַ פרייד,
דאָ זייט באַ זייט,
מיט שניי פאָרן אויג,
מיט בליקן אין ווייט.

# היינט פאַרנאַכט

היינט פאַרנאַכט באַם זון פאַרגיין
האָב איך פון דיר געטראַכט,
האָט אַ רעגנבויגן ארומגענומען —
האַלב דעם הימל און האַלב די ערד.

היינט פאַרנאַכט באַם זון פאַרגיין
האָב איך פון דיר געטראַכט,
און אַ ליבשאַפט האָט ארומגענומען
מיין גאנצע האַרץ.

# דיין נאָמען

דיינע אויגן פרישע קוואַלן,
דיין הארץ דאָס גאָלד פון זון אויף פעלד,
דיינע ווערטער, פרייד און אָפּרו,
שפּרייטן רו, איבער מיין וועלט.

דורך די טעג, אין יאָך פון אַרבעט,
דורך נעכט אין וואַך איבער קינדער בעטן,
דיינע הענט פאַר מיינע אויגן
דיינע רייד, מיינע געבעטן.

פרייד פון רו איבער שלאָף פון קינדער,
פרייד פון רו איבער מיין וועלט,
אויף מידע ליפּן אַ שטילע תפילה,
פאַר דיין נאָמען אין מיין וועלט.

# איך בין טרויעריקער פון אַלע האַרבסטן

איך בין טרויעריקער פון אַלע האַרבסטן,
און האָב מורא זיך אָנקוקן אין וואַסער בײַ מײַנע פּיס,
דאָרט שפּיגלט דער האַרבסט אין זײַן רײַפקייט צובליט,
שפּרייט גאָלדענע בלעטער פאַר זײַנע אייגענע טריט.

דאָס האַרץ פון דער זון איז פאַרכישופט און קראַנק,
דורך דעם געבעט פון די בלעטער און ריחות געטראַנק,
און זי שפּרייט ווי אין חלום איר זילבער געמיש,
צום שפּיגל פון וואַסער בײַ מײַנע פּיס.

עס איז לײַכט צו דערוועקן מיט חלום און ווינט,
דעם שאָרך פון די בלעטער, די פרייד פון אַ קינד,
מיך דערמאָנען די בלעטער אָן אַלץ וואָס פאַרשווינט,
מײַן אייגן געוויין איז דער האַרבסטיקער ווינט,
און איך בין טרויעריקער פון אַלע האַרבסטן.

# לבנה ליד

דו בלאַס געזיכט וואָס זוכסטו אום?
עס וויינט דער ווינט דורך בוים און בלאַט,
אַ פארלאָרענע שיף אויף יאַמען ברייט,
בלאָנדזשעסט אום שטיל און מאַט.

דו בלאַס געזיכט וואָס זוכסטו אום?
אויף שטומער נאַכט פאַלט דיין געוויין,
אויף כוואַליעס שוואַרץ אַ זילבער שיף,
מיט זעגלען לייכט, און דין, און קליין.

דו בלאַס געזיכט וואָס זוכסטו אום?
די נאַכט איז טיף, דער ים איז ברייט,
דער רעגן וויינט דורך נאַכט און וויינט,
און פאַלט אויף שויבן שטילערהייט.

# ס׳וועט דער בוים

אומעטיקער דרויסן,
פייגל אײַליק שוועבן;
שאָטנדיקע שטילקייט,
בוימער פאַר אַ רעגן.

שטורם שפּאַנט פון ווייטן,
דורך פארשטויבטע וועגן;
ס׳וועט דער בוים זיין קאָפּ,
דעם רעגן איצט אָפּגעבן.

# אַ פּאַרוויינטע מאָנאַשקע

אַ פּאַרוויינטע מאָנאַשקע,
אין געבּעט פאַרן צלם
איז היינט די לבנה.

שוואַרצע וואָלקן
צושפּרייט בּאַ די זייטן,
דער קאָפּ אַ געגאָלטער —
אין ווייסן פאַרבּונדן,

דער פּנים אַ בּלייכער —
מיט צועפּנטע ליפּן,
ציט זיך אין געבּעט,
צום הימל ארויף.

# ליכטיק

עס וואַשט זיך די וועלט היינט
מיט פרילינגדיקן רעגן,
אַ ליד צו די בוימער,
אַ געזאַנג צו די וועגן.

עס וואַשט זיך די וועלט היינט
מיט פרילינגדיקן רעגן,
ס׳וועט אויפגיין די גאָלדענע —
זון איבער וועגן.

עס וויינט מיין געמיט היינט
מיט וואַרימע טרערן —
פאַר פרייד און פאַר פרילינג,
פאַר געזאַנג איבער וועגן.

עס וויינט מיין געמיט היינט
מיט וואַרימע טרערן,
ס׳וועט ליכטיק מיר ווערן,
ס׳וועט ליכטיק מיר ווערן.

# פרילינג רעגן

דין, דין,
ווי דער זשום
פון אַ גאָלדענער בין,
זילבערנער קלאַנג,
רין, רין.

איבער טעלעגראַף דראָטן —
רין, רין,
מיט דימענטן טראָפּנס —
דין, דין,
אַהער, אַהין.
אַהער, אַהין.
רין, רין,

צום קנאָספּ פון בוים —
דין, דין,
מיט קרישטאָלענע פינגער —
רין, רין,
קלאַפּ אָן אין זיין טיר,
עפן אים אויף,
צושפּרייט אַרום אים,
אַ בלוילאַכן רויך,
דין, דין,
רין.

# שטיל און פרום

שטיל און פרום,
שטיל און פרום,
גייט די נאַכט
אַזוי אַרום.

נאָר די גרילן,
גרילן, גרילן.
נאָר די שטערן
פינקלען, שפּילן.

נאָר אין טייכן
פון אַרום
קוואַקען זשאַבעס
שטיל און פרום.

נאָר פון וואַלד
די שאָטנס פאַלן,
אויף די בערג
און אויף די טאָלן.

און די לבנה
אין איר פּראַכט,
שפּאַנט אַרום
און היט די נאַכט.

# סוף זומער

נ. י. גאָטליבן

דער זומער האָט אויסגעזונגען זיינע אלע לידער,
און רוט אויס באַם טייך זיינע מידע גלידער.

פעלד קעגן זון מיט זאַנגען אין גאַרבן,
עס שפּיגלט אין טייך דער קליאַן זיינע פאַרבן.

דער טייך, אַ בלאַנקער, גלאַטער שפּיגל,
דרימלט פאר׳חלום׳ט אונטער וואַלדיקן פליגל.

ציען זיך צווייגן דינער און שמעלער,
און עס פאַלט אויפן שפּיגל אַ בלאַט א געלער,

אַ בלאַט אַ רויטער, אַ בלאַט אַ געלער,
און ס׳צוברעכט זיך דער טייך אויף זילבערנע
טעלער.

און די זון ווי אַ גאָלדענער עפּל אַ געלער,
וויגט זיך אין טייך אויף זילבערנע טעלער,

און איבערן טייך, און איבערן בריק,
האָט האַרבסט פאַרוואָרפן זיינע גאָלדענע שטריק.

# צווישן בוימער

גוט צו זיצן צווישן בוימער,
הערן ווי זיי שווייגן;
און וויגן זיך אין שטילן יאוש,
ווי עס וויגן זיך די צווייגן.

אראָפּלייענען פון די בלעטער,
ווי פון אַלטע ביכער;
אז עס איז דאָס לעבן וואונדער שיין,
און אויף קיין האָר ניט זיכער.

ס'איז דער בוים אַן אַלטער זקן,
און טייטלט מיטן פינגער;
אויף זיין נאָגל געלע בלעטער,
ווי שטאַרבנדיקע קינדער.

קלאַפּט אַ פּיק־האָלץ אין זיין שטאַם,
לאָזט ער אונז צו וויסן;
ס'וועלן פויגל באַלד די נעסטן
פאַרלאָזן און פאַרגעסן.

ס'וועלן בלעטער טשאַטעס ווייס
זיי נאָכפליען באַגלייטן;
און מיט א יאָמערדיקן קול
אויף קאַלטער ערד זיך שפרייטן.

גוט צו זיצן צווישן בוימער,
הערן ווי זיי שווייגן,
און וויגן זיך אין שטילן יאוש
ווי עס וויגן זיך די צווייגן.

# אזוי שיין

אזוי שיין אזוי שיין,
די נאַכט וועט אייביק אזוי שטיין,

צוגעבונדן מיט אַ שלייף
אין אַ גאָלדענעם רייף,

דעם גאַנצן הימל פארכאַפּט,
מיט מיליאָנען שטערן צוגעקלאַפּט

אזוי חכמה׳דיק שיין,
די נאַכט וועט אייביק אזוי שטיין.

# אין רו

אין מיר רוט אַזאַ גוטסקייט און ליבשאַפט צו אַלעם,
איך צי צו זיך גאָלד פון דער האַרבסטיקער זון;
און רייד איז פאַראַן אין מיר פאַר אַלץ און פאַר יעדן,
און שווייגן, און חכמה פון האַרבסטיקן רוים.

עס פאַלן פון בוימער איצט עפּל און באַרן,
אין שיכרות פון פאַרבן פאַרגייט זיך דער קליאָן;
די רויז שלאָגט זיך מיד אָן שאַרף פונעם דאָרן,
דער וואַלד האָט זיין בראָנזענע קרוין אָנגעטאָן.

באַלאָדן מיט רייכקייט און רייפקייט, אַ מידע,
איבער גאָלדענע האַרבסטיקע וועגן אַליין:
מיט גוטסקייט אויף ליפּן די ווערטער פון וידוי,
מיט בלאַט און מיט גראָז, אין רו צו פאַרגיין.

# איך וויל איצט פאַרגעסן

ציטער פון שטערן דורך טיף בלויע שאָטנס,
מיט סודות פון נאַכט איבער וועלט אויסגעהאָנגען;
אַ פולע לבנה אין רונדיקן הימל,
און נאָנט אזוי, מיט׳ן האַנט צו דערלאנגען.

ריטמישע קלאַנגען; פאַרטרויאונג און גוטסקייט;
אַ נאַכט אויף צו גלויבן, אַ נאַכט אויף צו בענטשן;
איך וויל איצט פאַרגעסן מיין אייגענע אומרו,
איך וויל איצט פאַרגעסן די בייזקייט פון
מענטשן.

און איבער מיין וועלט אזוי זיך דערהויבן,
ווי די לבנה אין זילבערנעם חלום;
ווי די נאַכט זוכט דורך שטילקייט איר סוד
צו באַשיידן,
אַזוי זוך איך אַ וועג צו רו און צו חלום.

# פאַרנאַכט אין די בערג

עס האָבן באַרג צו באַרג זיך צוגעטוליעט,
און איבער זיי דער וואַלד
האָט זיך מיט נאַכט פאַרדעקט
און איינגעשלאָפן.

אין דער ווייטנס באַ אַ זייט,
האָט דער הימל צו דער ערד זיך צוגערוקט
און ביידע האָבן אויסגעהערט
די שטילקייט פון דער וועלט.

# טאָג מיט רעגן

אַז דער טאָג שטייט אויף מיט רעגן,
און וויינט מיט דינעם שפּריי איבער די דעכער;
שטיי איך אויף מיט ליד אויף ליפּן
און זינג אַ ליד אַזאַ:

ווי עס וויינט דער רעגן מיט דינעם שפּריי
איבער די דעכער,

ווי ערגעץ ווייט אויף נעפּלדיקע יאַמען,
שווימען איצטער שיפן אום
ווי שלעפּערדיקע שוואַנען.

ווי עס שניידען דורך די גרויע לופט,
צוויי ווייסע פליגל פון אַ טויב,
און ווי די איידעלע וואַסער־שנורן
ציען זיך פאַרטרויליך איבער מיין שויב.

# ערב פרילינג

הייסער גאָלד פון זון
שמעלצט דעם שניי פון פעלד,

לופט, ווי פרישער דורכזיכטיקער וואַסער —
פון האָריזאָנטן קוועלט.

און אַ רו אַזאַ, וואָס רוימט דורך לופט און ווינט—
מיט ווערטער טיפערע פון מענטשליכן באַנעמען,

שלעפערט איין דעם פיין און אומרו אין דיין
בלוט,
ווי דאָס גלעטן, פון לייכטע קילע פינגער
איבער הייסע ברעמען.

ווי קאָן מען מעסטן אַזאַ פרייד פון וועלט
מיט איינעמס איינצלנע פאַרלאַנגען?

הויבסט אויף דיין לאַסט צום ליכט אויף
מידע הענט,
ווי דער שניטער זיין גאַרב, צום זון מיט
די זאַנגען.

# באָם וואַסער

איך וויג זיך ווי דאָס גראָז,
איך וויג זיך ווי דער וואַלד,
איך וויג זיך ווי די זון איצט
אין שטילן וואַסער פֿאַלד.

איך וויג זיך ווי דער טאָג
פֿאַרן זון פֿאַרגאַנג;
איך וויג זיך ווי די וועלט,
שטיל, און פֿרום, און באַנג.

# טיף אין בלעטער איז מיין טראָט

טיף אין בלעטער איז מיין טראָט,
דער פּנים אָפּגעברענט פון זון;
גאָלד פון האַרבסט איבער מיין קאָפּ,
טרויער צוקט צו מיר פון רוים.

אין אויער זשומט אַ שטעכיק ווינט,
דאָס האַרץ פון וואַלד אין שטומן קלאָגן;
איך בין אויך צום שטאַרבן גרייט;
מיין האַרץ האָט וידוי אָפּגעזאָגט.

# דער גרויער וואַנדערער

זאָגט דער גרויער וואַנדערער,
דריי טעג שוין אַז עס רעגנט,
די גאַנצע וועלט איז גרוי
און דורכגעווייקט פון רעגן,
די גאַנצע וועלט איז אומעטיק
און דורכגעווייקט פון טרערן.

דער גרויער וואַנדערער
אויף די נאַסע וועגן,
הויבט זיין קאָפּ צום גרויען הימל.
צום גרויען קוואַל
פון וואַנען עס רינט דער רעגן,
און דער אומעט.

# צו אַ טויטן בוים

ווי אַ ווייסער סקעלעט,
הייבגסטו אין דער זון;
אַלץ אַרום דיר גרינט און רעדט,
נאָר דו אַליין ביזט טויט און שטום.

אַלע בוימער האָבן נעסטן,
וואָס שושקען זיך און ריידן:
קומען פייגל, בויען נעסטן,
ברייבגען מיט זיך פריידן.

אויך צו דיר קומען געסט,
מחנות שוואַרצע קראָען;
אויף דיינע צווייגן, ווייס און טויט,
פילדערן און שרייען.

# אַ ווינטער פֿאַרנאַכט

אַ גאַנצן טאָג געזילבערט
מיט זילבער־שניי דורך זיפּן,
גרינע דימענט־שטערן
איינגעהעפּט אין שניי;

די זון איז אָפּגעפֿאָרן
הינטער ווייסן באַרג אויף רויטן שליטן,
אַ גרויע הון, דער הימל,
מיט אַראָפּגעלאָזטע פֿליגל,
דעקט איין און נעמט ארום,
די ערד, איר ווייסע איי.

# מיט די הערצער פֿון אָרימע

מיט די הערצער פֿון אָרימע איז שוין אַזוי,
אַז תּמיד און תּמיד געהערט זיי דער ווײ.

און די בלאַסקייט פֿון מצבֿות אין לבֿנה ליכט,
איז די בלאַסקייט וואָס שאָטנט אויף זייער געזיכט.

איבער זייערע פּלייצעס, די לאַסט הייגנט אריבער
ווי דעכער צוקרימטע איבער אָרימע שטיבער.

ווי האַרבסטיקע בלעטער — זייערע הענט
וואָס וואַלגערן זיך אַרום פּלויטן און ווענט.

# די וואָס בויען

ווי וועלן זיי דאָס איבערבויען אונזער וועלט,
די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען?
אַז זיי קענען ניט די צורה פון דער וועלט,
די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען.

די האַנט פון נויט האַלט פעסט אין קלעם,
די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען;
שלאָף ווי שווערער שטיין וועגט אויף מידער ברעם,
באַ די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען.

שטויב, ווי זשאַווער, קלעפּט, אויף שוך, און קלייד, און העמד,
באַ די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען;
ווי אַלט־צוטריקנטע קאָרטשעס די אויסגעהאָרעוועטע הענט,
באַ די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען.

איז ווי וועלן זיי דאָס איבערבויען אונזער וועלט,
די וואָס בויען נאָר, און בויען נאָר, און בויען?

# ליד פון דעם ארבעטסלאָזנס פרוי

אַז דו זעסט דיין קינד אומגיין אָפּגעריסן און פאַרשעמט,
און אַז דער אמת פון הונגער ווערט פאַר דיר קלאָר;
און זעסט די גרויקייט פון פראָסט קריכן איבער דיינע ווענט,
ווי אויף דיין יונגן קאָפּ די גרויע האָר;
און אַז דיין מאַן זוכט אום אַרבעט שוין מער ווי אַ יאָר,
איז וואָס פאַר אַ ליד וועסטו זינגען?
איז וואָס פאַר אַ ליד וועסטו זינגען?

אַז דו האָסט געלאַטעט און געניייט פיל דו האָסט נאָר געקענט,
און עס פעלט נאָך דיר אַלץ צום לייב אויס אַ העמד;
און וויפל דו האָסט גערעכנט און דעם קאָפּ זיך געדרייט,
און עס פעלט דיר אויף דירה, און עס פעלט דיר אויף ברויט,
און אַז דיין האַרץ איז דיר שווער ווי ס'איז שווער דיר די נויט,
איז וואָס פאַר אַ ליד וועסטו זינגען?
איז וואָס פאַר אַ ליד וועסטו זינגען?

אַז דו גייסט מיד צו דיין אָפּרו, אָן פרייד און אָן לוסט,
און דיין שלאָף איז געשטערט דורך זאָרגן און הוסט,
און אַז דו וויינאָקסט מיט די נעכט,
ווי מיט קראַנקע קינדער באַ דיין ברוסט:
איז וואָס פאַר אַ ליד וועסטו זינגען?
איז וואָס פאַר אַ ליד וועסטו זינגען?

## אין אָרימער גאַס

אין אָרימער גאַס, וואו אָרימע וואוינען,
היינגט דער הימל אַ צובויגענער,
איבער קרומע דעכער.

אין אָרימער גאַס, וואו אָרימע וואוינען,
היינגט דער יאָך אַ באַלאָדענער,
איבער רוקנס אויסגעבויגענע.

אין אָרימער גאַס, וואו אָרימע וואוינען,
גייט דער רעגן פויל און לאַנג,
אויף גרויע ווענט, מיט טעמפּן קלאַנג,
זינגט ער דאָס ליד פון אָרימער גאַס.

## זינגסט אַ לויב

שווער דער טאָג און שווער די אַרבעט,
שווער די שעה פון נאַכט און שלאָף;
וויגסט די נויט אויף שפּיצן פינגער,
וויגסט דיין לעבן, שווער מיט שטראָף.

רעדסט זיך איין אַ טויזנט זאַכן,
זוכסט אַ זכות פאַר יאָך און נויט;
זעצסט זיך מיד צום טיש דעם פּראָסטן,
און זינגסט אַ לויב צום האַרטן ברויט.

# פאַרוואָס?

פאַרוואָס איז עס אזוי,
אוי, פאַרוואָס איז עס אזוי,

אז די געשטראָפטע
שטראָפן זיך אזוי.

און די פאַרשעמטע
שעמען זיך אזוי.

און די פארלוירענע
באַהאַלטן זיך אַזוי,

און די פאַרשאָלטענע
שעלטן זיך אַזוי.

פאַרוואָס איז עס אַזוי,
אוי, פאַרוואָס איז עס אַזוי?

# אין שכנות

איך וואוין דאָ אין שכנות מיט מענטשן אין נויט,
אין אָרימער גאַס, אין אָרימער הויז,
און ווייס אויך ווי מען רעכנט דעם מקח פון ברויט,
נאָר ווי ביט עס איז, קומט מען דאָך אויס.

די נויט רעדט ארויס פון מיין לעפל און טאָפּ,
נאָר דורך רייד און פאַררייידן רייד איך זי אָפּ ,
איז אַ רענדל ארויף, איז אַ רענדל אַראָפּ,
און פאַראַן דאָך אַ ליד, אויב קיין גרויפּן אין טאָפּ.

אין אָרימער גאַס וואוינען מענטשן ווי איך,
אין אָרימע שטיבער, אין שכנות מיט נויט;
מען ציטערט דאָ איבערן לעבן מיט צער און מיט פרייד,
מען באַווייינט דאָ מיט ערליכע טרערן דעם טויט.

לעב איך מיין לעבן אין איינעם מיט זיי,
דאָ שפּאַנט אונזער גורל מיט די זעלביקע טריט;
און זייער טעגלאכע פרייד, און זייער טעגלאַכער צער,
מיין צער און מיין פרייד, און דער הויך פון מיין ליד.

# די פרוי וואָס וואַשט דילן

דערפאַר וואָס איך בין אָפּטמאָל קראַנק,
און האָב ווען ניט ווען דעם גראָשן באַם האַנט;
קען איך זיך דעם לוקסוס פאַרגינען,
אַז אַ צווייטע פרוי זאָל מיך באַדינען.

קומט זי צוגיין, די צווייטע פרוי.
איז זי עלטער פון מיר. איר קאָפּ איז גרוי;
און האַלט זיך פון ווייטן, און האַלט זיך פאַרשעמט,
און רעדט צו מיר פויליש, און טייטשט אויס מיט די הענט.

זי קניט פאַר מיין בעט, מיט שמאַטע אין האַנט,
איך קער אָפּ מיין בליק, פון איר צו דער וואַנט;
ליעפּשיי פּאַני? צי איז דער פּאַני שוין גוט,
אויף איר געל קראַנקן פּנים מיניעט דאָס בלוט;

עס גליווערט איר קול דורך ציינער פאַרדריקט,
זי וויל אויפשטיין פון דיל און פאַלט אום אויף צוריק.
איך גיי ארונטער פון בעט הויב זי אויף פון דעם דיל,
קוקט זי מיך אָן פארשולדיקט און שטיל;

אָן איבעריק ביסן פאַרשאַדט מן־הסתם,
אַז אלץ וואָס איך עס ווערט מיר ביטער ווי סם.
ס'הייסט אַלץ דער דאָקטער אויף אָפּעראַציעס גיין,
און דאָ האָב איך קיינעם, מיט צוויי קינדער אַליין.
אַנטשולדיק מיר פּאַני, איצט קען איך שוין גיין.

# מיין גאַס

מיין גאַס צום באַרג און צום הייליקן צלם,
מיין גאַס איז אַ ברייטע אַ זוניקע גאַס;
מיט עלעקטרישע לאַמפּן צושטעלט אין די רייען,
מיט טאָפּאָלן־בוימער באַפּוצט איז מיין גאַס.

און שטיבער מיט אויסזען אַזוי ווי בײַ לייטן,
אַמאָל האָט געוואוינט דאָ דער רייכערער קלאַס;
נאָר עס בייטן זיך צייטן מיטן לויף פון די יאָרן,
און ווי מענטש מיט זיין מזל, אַזוי אויך די גאַס.

איצט וואוינען דאָ מענטשן פון אַנדערן מצב,
אָרימע מענטשן באוואוינען די גאַס;
און וואו ס'וואוינט די נויט, און וואו ס'וואוינט דער דלות,
דאָרט הערשט דער צאָרן מיט ברענענדיקן האַס.

דאָ וואוינט אַ מאַמע מיט אַכט יונגע קינדער,
דער טאַטע שוין לאַנג אויף דער אמת'ער וועלט;
זין ווי די דעמבן, טעכטער ווי זונען,
און אין שטוב שרייט דער הונגער, אין שטוב וויינט די קעלט.

אין שטוב וואוינט דער צאָרן, אין שטוב וואוינט די שנאָה,
אין שטוב איז אַ חלום דער טרוקענער ברויט.
אין שטוב וואַקסט די יוגנט מיט האַס און מיט קנאָה,
אין שטוב וואַקסט די יוגנט אין צוריסענער קלייד.

און יוגנט וויל פריידן, און יוגנט וויל אַרבעט
און יוגנט האָט כוח צום בויען אַ וועלט;
נאָר אז אַלץ איז דאָ פאַרטיק און אַלץ איז פארבויט דאָ,
פאַר יונג הייסן בלוט וואַרט די גאַס און די קעלט.

פאַר יונג הייסן בלוט וואַרטן תפיסות און שלעסער,
פאַר יונג הייסן בלוט וואַרט פאַרברעכן און שטראָף;
ביז ליבע ווערט האַס, און געצייג פון דעם מעסער,
ביז לעבן ווערט אומרעכט, און אומרעכט, שטראָף.

אַן אָרימע מאַמע מיט אַכט יונגע קינדער,
אין לאַנד וואו גערעכטיגקייט פויקט אין טראָמפּייט;
זין אין די תפיסות, טעכטער אין גאַסן,
און זי מיט די אַנדערע זיצן אָן ברויט.

איבער מיין גאַס שוועבט דער גייסט נאָך פון בעסערע צייטן,
אַמאָל האָט געוואוינט דאָ דער בעסערער קלאַס;
אויף דעם זאָגן עדות דער באַרג מיטן צלם,
אויף דעם זאָגן עדות די לאָמפּן אין גאַס.

אַן אָרימע מאַמע, מיט קינדער פאַרברעכער,
קאָן שאַדן דעם ערליכן נאָמען פון הויז;
פאַר דירה חדשים אויך ניט באַצאָלט איז,
מוז זי פאַרלאָזן, זי מוז היינט נאָך ארויס.

דער טאָג ווי אַ משפּט, ווי אַ קאַלטער פאַרברעכער,
דער טאָג ברויזט מיט צאָרן מיט פראָסטיקן ווינט;
איר האַרץ אַ צושטאָכענער זיפּ, פול מיט לעכער,
איר מויל אַ פאַרשאָלטענער גרוב, און פאַרשטומט.

קינדער אין תפיסות, קינדער אויף גאַסן,
פון שטוב מוז מען באַלד, מוז מען היינט נאָך ארויס;
אין שטוב איז דער גאַז־רער איר איינציקער רעטער,
לייזט ער איר לעבן פון גהינום אַרויס.

איבער מיין גאַס שוועבט דער גייסט נאָך פון בעסערע צייטן,
אמאָל האָט געוואוינט דאָ דער „בעסערער" קלאַס.
אַף דעם זאָגן עדות דער באַרג מיטן צלם,
אויף דעם זאָגן עדות די לאָמפּן פון גאַס.

# די ליבע וואוינט אין אָרימע שטיבער

די ליבע וואוינט אין אָרימע שטיבער,
באַ מאַמעס וואָס האַלטן קליינע קינדער אויף די הענט;
די מאַמע בויגט זיך איבערן קינד אַריבער
און שיצט עס פון קעלט, וואָס ווייעט פון די ווענט;

די ליבע וואוינט אין אָרימע שטיבער,
נאָר עס טרערט איר אויג, אין אָנגעזיכט פון נויט;
איר איידעלער טראָט גייט אין ווייען פאַרלוירן,
וואו לעבן איז גרויזאַם, און גרויזאַם דער טויט.

דאָרט הויערט סכנה, איבער יעדערנס לעבן,
דאָרט הײנגט געפאַר, ווי די נאַכט אויסגעשפרייט;
און מעג זיין ווי שטאַרק דאָרט די ליבע פון מאַמען,
אָבער שטאַרקער דאָרט זיינען די נעגל פון טויט.

די מאַמע וואָס בויגט זיך איבערן קינד אריבער
און שיצט עס פון קעלט, וואָס ווייעט פון די ווענט;
מוז זוכן איר ברויט אין אַנדערע שטיבער,
מוז זוכן אַ מאַרק פאַר אירע אָרימע הענט.

דילן, און פענסטער און וועש אַף צום וואַשן,
אַלץ קען זי טאָן, אויף אַלץ איז זי גרייט;
ניט אויף קיין בעסערן ביסן פאַרן קינד אויף צום נאַשן,
נאָר פאַר אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר אויף טרוקענעם ברויט.

און וואָס פאַר אַ דאַך קענען העגט אירע דינגען ?
וואָס פאַראַ שוץ איבערן קאָפּ פון איר קינד ?
אַ באַלקן וואָס ציטערט אויף צובראָכענע שינדלען,
וואו עס יאָמערט איר מזל אין געוויין פון ווינט.

און ווער ווייס ניט ווי שווער ס'איז דער אָרימער מאַמען ?
אין ראַנגל מיט הונגער. אין ראַנגל מיט קעלט ;
און אָטעם פון קינד, וואָס מיינט פאַר איר האַרצן,
און שמייכל פון קינד, וואָס מיינט פאַר איר וועלט.

נאָר עס ווייס ניט די וועלט, די פאַרפאַנצערטע קאַלטע,
זי האַלט ניט קיין חשבון פון בלוט און געוויסן ;
נאָר האָס און נאָר קריג, און קאַנאָנען צושאַלטע,
און לויפט אין געלאַף, ווי פון טייפל געשמיסן.

די ליבע וואוינט אין אָרימע שטיבער,
וויגט עס די מאַמע אויף אירע מידע הענט ;
און בויגט זיך אין דרייען איבערן קינד אריבער,
און שיצט עס פון קעלט וואָס ווייעט פון די ווענט.

מיט ציטער, זי טרויט קוים אירע אייגענע אויגן,
עס פלאַטערט איר האַרץ, פאַרן לעבן פון קינד ;
ווי עס ציטערט אין נעסט די מוטער־פויגל,
ווען עס ברעכן זיך צווייגן אין שטורם פון ווינט.

דאָך לאָזט זי עס איבער, צו געפֿאַר און סכּנה,
אַף מזל איר בלינדן, פֿאַרטרויט זי איר קינד;
ווי די שיף אין אַ שטורם טרויט די ברויזיקע כוואַליעס,
ווי ס׳טרויט דער האַרבסט זיינע גאָלדענע בלעטער דעם ווינט.

שוץ פֿאַר איר קינד, געזוכט אין אַלע שטיבער,
פֿאַרקויפֿט אירע הענט, אירע טעג פֿאַרן ברויט;
דורך זאָרג און דורך מי פֿון הונגער פֿאַרהיט עס,
אָבער ניט פֿון אַן אימה׳דיק גרויזאַמן טויט.

דער באַלקן וואָס הייבגט אויף צובראָכענעם שינדל,
וויגט זיך און ציטערט אין אויפֿברויז פֿון ווינט;
אַ ריס און אַ פֿלי, און פֿאַרן אויג אַ שווינדל,
און פֿאַלט אויפֿן וויג, און פֿאַלט אויפֿן קינד.

שטויב און שוואַרצקייט פֿון נאַכטיקע גריבער,
איבערן פּנים פֿון פֿרייד איבערן פּנים פֿון נויט;
אַזוי וואוינט די ליבע אין אָרימע שטיבער,
אַזוי קומט אין אָרימע שטיבער דער טויט.

# די קללה

ווער האָט דיך פאַרשאָלטן מענטש,
מיט אַזאַ בלינדקייט אויף אייגענער שאַנד?
און מיט דער פינסטערסטער פון קללות
ארומגעשמידט דיין הארץ און האַנט?

טאַנצסט דעם שוואַרצסטן מעפיסטאָ טאַנץ
מיט אייגענע פיס אין אייגן בלוט;
אויף אייגענעם האַלדז שאַרפסט מעסער־גלאַנץ,
און רופסט עס זיג און רופסט עס מוט.

ווער האָט דיך פאַרשאָלטן מענטש?
און ווי גרויס מוז זיין דיין זינד!
האָסט דיין גאָט די אויגן אויסגעשטאָכן
און זיין האַרץ געמאַכט אים בלינד.

האָסט אים ווייט פון זיך פאַרטריבן
פון דיין לעבן, פון דיין וועלט;
און ער גייט אום אַ בלינדער בעטלער,
און ער צאָרנט און ער שעלט.

מיט דיר אין איינעם אויף אַלע שלאַכטן
שטייט ער נאַנט, שטייט ער גרייט,
און מאָנט דעם שכר פון אויסגעלאַכטן,
און רייסט צען מאָל קריעה אויף דיין טויט.

# ס׳איז דיין וועלט

ס׳איז דיין וועלט, אויך מיין וועלט,
און איר זינד, אויך מיין זינד;
איך גיי געשטראָפט דורך איר וועג,
ווי א וויינענדיק קינד.

אויב ס׳איז מיינע די זינד
און ס׳איז דיינע די שטראָף,
און מוזט מיך פירן אזוי
ווי אונטער חלף אַ שאָף.

איז מאַך מיך בלינד, מאַך מיך שטום,
דעם נאָמען מענטש פון מיר מעק אָפּ —
איך שעם זיך גיין אונטער דיין זון
מיט אַזאַ ליכט איבער מיין קאָפּ.

קינ׳ס שאַנד אויף דיין וועלט,
הבל׳ס בלוט אויף יעדנס הענט;
און געיאָמער פון מאָרד —
אויף אַלע טירן און ווענט.

בעסער שפרייט איבער דיין וועלט,
שוואַרצן וואָלקן געוועב.
און מאַך פינסטער דעם רוים
איבער אונזערע קעפּ.

און פאַרטושע דעם פלאַם,
און לעש אויס איר געביין,
און צי זיך אויס איבער איר אַש,
ווי אַ הונט אין געוויין.

# זאָלן זיי קומען

זאָלן זיי קומען, אָ זאָלן זיי קומען,
די טעג פון היילונג און פון בענטשן;
בלינדער צאָרן האָט ארומגענומען,
דאָס קראַנקע האַרץ פון קראַנקן מענטשן.

אַ פארגעסענער פון ליבע,
טראָגט ער שנאָה אין די ציין;
רייד און טרערן אויף אים פאַלן,
ווי קאַלטער רעגן אויף קאַלטן שטיין.

ווי אַ טאָל פון אַ רואינע —
נאָר ווילדער וואוקס און ווילדע גראָזן;
בייזער זשום פון בייזע פליגן
פון צאָרנדיקן ווינט צוטראָגן.

זאָלן זיי קומען, אָ זאָלן זיי קומען,
די טעג פון היילונג און פון בענטשן;
בלינדער צאָרן האָט ארומגענומען,
דאָס קראַנקע האַרץ פון קראַנקן מענטשן.

# דאַנק גאָט

דאַנק גאָט פאַרן אמת אַף קינדערשע ליפּן,
פאַרן שמייכל אַף פּנים דורך גנאָד פון די יאָרן;
דאָס ליכט אין דער פינסטער, ווי זון־שפּריי דורך זיפּן,
איז אין ריינקייט פון טרערן געלייטערט געוואָרן.

דאַנק גאָט פאַר די גייער אין נידער פון טאָלן,
מיט גלויבן אין האַרצן דורך סכנה און שטורם;
זיי וועגן זייער גורל ווי מתנות אויף שאָלן,
און בויען אין האָפענונג זייער ליכטיקן טורם.

דאַנק גאָט פאַר דער האַנט וואָס זייט מיט געוויסן,
וואָס דו פאַרזייסט דאָס זאָלסטו שניידן;
די ערלאַכע ערד צאָלט ביסן פאַר ביסן,
דאָס גוטס ווי דאָס שלעכטס זאָל דיך ניט פאַרמיידן.

# נאָך אַלץ גייט אויף די זון

נאָך אַלץ גייט אויף די זון אַף טעג אַזעלכע,
מיט אַנגסט פאַר האַרץ, מיט בראָך פאַר הענט;
און דער אָנזאָג פון היינט צום מאָרגן,
איז מיט בלוט פאַרשריבן אַף שוואַרצע ווענט.

און יעדער טאָג וואָס מיט זון גייט אויף —
זייט באַטרוג אין מענטשנס טראַכט;
און צאָרן בליט און אומרעכט וואַקסט,
און מעפיסטאָ הערשט און מעפיסטאָ לאַכט.

ברודער קעגן ברודער, טאַטע קעגן קינד,
און ליבע איז טויט, און מענטש איז בלינד;
און די זון גייט אויף מיט דער אומשולד פון אַ קינד.
און וואַרימט האַס און וואַרימט זינד.

# מלחמה ליד

אָ, זייער פון טרויער,
פון אלע טרערן דער ריטער:
ס׳האַלט אין בליען דיין פעלד,
ס׳האַלט אין שניידן דיין שניטער.

אָ, שניטער פון טרויער,
פון קלאַנג פון דיין שניידן,
זינגט ארויס דער נצחון,
פון סוף און פון ליידן.

אָ, בינדער פון זאַנגען,
בינד גיך דיינע גאַרבן,
זאַמל איין אין דיין האַנט,
דעם זיג פון דיין אַרבן.

הויב הויך צו דער זון,
שווערד און שאַרבן פון ריטער,
עס בליען רויט דיינע פעלדער,
עס שניידן פלינק דיינע שניטער.

# ווי אַ בוים

אַט האָט מען אים אויסגעוואָרצלט ווי אַ בוים פון פעלד,
געגעבן אים אַ שונא, געמאַכט אים פאַר אַ העלד,
אוועקגעשיקט אים איבער ים׳ען, איינגעמען אַ וועלט.

דער ים האָט צו אַ ברעג געבראַכט אים צו אַ גרינעם פעלד,
מיט שפּיז און ביקס אַף יונגן אַקסל, מיט יונגן חלום פון זיין פעלד,
איז ער ווי אַ בוים געשטאַנען, אַף אַ פרעמדער ערד.

בליץ און דונער פאַר זיין אויג, קאַנאָנען־קראַך און שווערד,
איז ער ווי אַ בוים געפאַלן דורך רויטן בליץ פון שווערד,
און מיטן בלוט פון יונגן האַרצן, דורכגעזאַפּט די פרעמדע ערד.

# דער מאַרש צום טויט

עס שפּאַלט דער קנאָספּ,
עס גרינט דער בייט;
און פאַר מיין פענצטער
מאַרשירט דער טויט.

צום קלאַנג פון פויק,
צו צוויי צו דריי;
צום טאַקט פון טויט,
ריי אין ריי.

ווער פאַר עהרע,
ווער פאַר ברויט;
אַלע ערלאַך,
מיטן הארצן צום טויט.

דאָרט וואַרט אַ פעלד,
וואָס גרינט זיך ניי;
פאַר די העלדן,
ריי אין ריי.

דאָרט וואַרטן זין
פון שונא׳ס לאַנד,
מיט האַס אין האַרצן,
מיט טויט אין האַנט.

אַף ווייטן פעלד
דער פרילינג שפּרייט;
און יוגנט גייט
צום טאַקט פון טויט.

ריי אין ריי,
מיט יונגן מוט,
פאַרבּט גרינעם פעלד,
מיט רויטן בּלוט.

פאר מיין פענצטער
גרינט אַ בּוים;
דער מאַרש צום טויט,
פאַרהילכט דעם רוים,

ווער פאַר עהרע,
ווער פאַר בּרויט;
אַלע ערלאך,
מיט׳ן האַרץ צום טויט.

# אַ רעיון

עס פֿייניקט דעם מוח אַ רעיון,
דיין לעבן איז קורץ און פֿאַרגייט;
אַן עברה די רגע׳ס די שעה׳ן
מיט וועלכע דיין לעבן פֿאַרגייט.

עס בעט זיך באַם הארצן די ליבשאַפֿט,
ניט שעם זיך, גיי אַרויס ווי דו שטייסט,
גיי בעטל מיט דיין נאַקעטער גוטסקייט,
ווי דער בעטלער זיין אָרימן ברויט.

ווי אַ וויינענדיק רעגן אויף שויב,
קלאַפּ אָן, זיי מוזן פֿאַרשטיין,
דיין שיינקייט, אַ פֿאַרבלוטיקטע טויב,
דיין ליבשאַפֿט, זי וויל ניט פֿאַרגיין.

און בעט זיי די גאָב פֿון פיר איילן,
די גנאָדיקע שטילקייט פֿון שטיין,
פֿאַר דיין שיינקייט מיט פֿאַרוויינטע אויגן,
פֿאַר דיין ליבשאַפֿט וואָס וויל ניט פֿאַרגיין.

# עס פֿאַרגעסט ניט דאָס גראָז

ווי זאָל איך פֿאַרגעסן,
אז עס פאַרגעסט ניט דאָס גראָז
און קומט צוריק יעדן יאָר,

און שפּרייט זיך אויס איבער דיר,
אזוי נאָנט געטריי,
אַזוי סאַמעטדיק ווייך,

שפּרייט זיך אויס איבער דיר,
און וויינט איבער דיר,
און זינגט איבער דיר,

קומט צוריק יעדן יאָר.
און גרינט איבער דיר,
און וויינט איבער דיר,

# קום צוריק אין מיינע חלומות

קום צוריק אין מיינע חלומות,
ברייננ צוריק דיין קינדערשע פרייד;
עס פארגייען אין מיר די קלאַנגען
פון דיינע קינדערשע רייד.

קום צוריק אין מיין חלום צו מיר,
דורך בלויקייט פון נאַכט און די שטערן;
אין ווייסן העמד ווי איך האָב דיך פאַרוויגט,
קום צו מיר דורך טרערן.

נעם מיך אָן בײַ דער האַנט,
פיר מיך דורך נאַכטיקן בריק;
צו דיין לאַנד פון גאָלדענעם שפּיל,
מיין קינד, ווי מיט יאָרן צוריק.
ווי מיט לאַנגע יאָרן צוריק.

# אַ וויינענדיקער רופן

עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט
קינדערשער געלעכטער,
עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט
קינדערשער געוויין.

דורכן קול פון פרילינג,
דורך שפּראָצנדיקע גראָזן,
אַ וויינענדיקער רופן,
פון אונטער קאַלטן שטיין.

עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט
אַ געשטאַלט אין ווייסן,
די הענט אין ווינט צונומען
און ווייס ניט וואו צו גיין.

עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט
קינדערשער געלעכטער,
עס האָט זיך מיר געחלומ׳ט
קינדערשער געוויין.

# פרילינג

(אָנדיינק דעם עלנטן קינד)

ס׳איז קיינער באַם קינד ניט געשטאַנען,
ווען דער טויט איז געקומען צום קינד;
נאָר אַ ווינט וואָס צוטראָגט ווייסע בליאונג,
האָט פון פרילינג געזונגען צום קינד.

ס׳איז קיין מאַמע באַם וויג ניט געזעסן,
ווען דער טויט איז געקומען צום קינד;
נאָר דער טויט איבערן וויג איבערן קראַנקן,
האָט פון פרילינג געזונגען צום קינד.

ס׳איז קיינער דעם קינד נאָכגעגאַנגען,
ווען דער טויט האָט פאַרנומען דעם קינד,
נאָר די וועלט אַזאַ פרילינגדיק ווייסע,
האָט דורך שיינקייט געקוקט צו דעם קינד.

און געגעבן אים גראָז פאַר אַ צודעק,
און גלעקעלאַך בלומען אין שלאָף
און אַ שליסל אַזאַ, אַ גאָלדנס אַ קליינס,
וואָס עפנט די גלעקעלאַך אויף.

# וויג ליד

גרין דער בוים איבער דיין בעט,
די צווייגן, שטילע, וויגן;
איך זינג דאָ אויס אַ ליד צו דיר,
אָן ווערטער און אָן ניגן.

איך בעט דאָ אויס א בעט פאַר זיך,
אויף לאַנגער נאַכט צו שלאָפן;
עס קען דער גרינער בוים מיין ליד,
דעם ניגן און די סטראָפן.

איך האָב דיך פריער איינגעוויגט
און לייג זיך איצט אַנידער;
איך וועל אַ מידע איינשלאָפן,
מיט רו אין אַלע גלידער.

ניט אויפוועקן וועט קיינער אונדז,
פון לאַנגן שטילן דרימל;
דורך גרינעם בוים וועט דורכלויכטן,
קאַלט און בלוי דער הימל.

# פאַר דיין נאָמען, טאַטע

פאַר דיין נאָמען, טאַטע,
און פאר דיין אַלטן סידור;
פאר דיר דעם לעצטן פון דיין דור,
פאַר דיר, דעם לעצטן פון עלף ברידער.

איך פון דור פון דיינעם —
אַן אָפּקלאַנג נאָר פון קלאַנגען:
בין מיט דור מיט נייעם,
צו ווייטן ניט דערגאַנגען.

דיר נאָכגעזאָגט דעם תהילים,
פון דיין אַלטן סידור;
דיין אַלטער טריבער ניגן,
דאָס געמיט פון מיינע לידער.

עברי־טייטש און אידיש,
שטאָם פון מיינע לידער;
און זייער גורל, טאַטע,
דער עלנט פון דיין סידור.

## דיינע טריט

נאָך הייגעגן אין די ווינקלען פון מיין שטוב
די בין־השמשות׳דיקע תפילה־קלאַנגען
פון מנחה און מעריב,

אין שטילע טונקעלע אַפדערנאַכטן
גייען זיי ארויס פון די ווינקלען און שפּרייזן אום
היין און צוריק איבערן שטוב.

הייליק און טרויעריק קלינגט דער קול
פון דיינע תפילות.
פון מזרח וואַנט הערן זיך, דריי שטיל געמאָסטענע קלאַנגען,

דריי שטילע טרויעריקע טריט.
דיינע דריי לעצטע שטילע טריט,
פון שמונה־עשרה אויסגעגאַנגען.

# פון פעלד און וואַלד איז דיין שטאַם

איך בין פון דיר פאַרגאַנגען,
אַף ווייטע פרעמדע וועגן;
נאָר עס גייען מיר נאָך דיינע ווערטער,
ווי אין חלום אַ גאָלדענער רעגן.

איך האָב טיף אין זיך פאַרנומען
דעם רויש פון דינע קלאַנגען,
ווען מיינע לייכטע קינדער־טריט,
זיינען דיר נאָכגעגאַנגען.

דיין וועג פון שווערער מי,
אַ שטילער, אָן געזאַנגען,
דיין אויפשטיין מיט דער זון,
צום שניטער׳ס קאָסע קלאַנגען.

אַ שטיל געבעט צו גאָט,
דיינע טעגליכע פאַרלאַנגען;
אין רעכטער שעה דעם רעגן,
און זון איבער די זאַנגען.

דיין ווילן און דיין האַנט,
אַלע מאָל געגרייט;
צום מי איבערן אַקער,
צום שוץ איבערן בייט.

אונטער פרייען הימל,
אויפן פרייען פעלד,
און ס׳האָט ניט אויסגעפעלט דיך
דער קרומער גאַנג פון וועלט.

פאַרנומען זין און טעכטער,
פארנומען רינד און פערד;
ביז אַליין דיך אויסגעריסן,
פון דיין אייגן ערד.

געשוואומען איבער יאַמען,
זוכן קינד און היים;
פארלאָזן לעבנס־שטייגער
שטאָם פון דיין געביין.

און דאָ אין לאַנד אין פרעמדן,
פון אימפעט און פון שוואונג,
באַהאַלטן אייגן לשון —
אונטער אייגן צונג.

און קיינעם ניט באַלעסטיקט,
און קיינעם ניט באַשווערט,
און טיף באַ זיך אין האַרצן,
דעם גלויבן פון באַשערט.

איך געדיינק דיך ווי דורך חלום,
און וואָס דיר איז געשען,
אַלע מאָל אַ שטילער,
אַ גלויביקער געווען.

ווי, איוב, ניט געלעסטערט,
אין צער זיך ניט פאַרלאָרן,
ווי איצט די זון איבער מיין קאָפּ,
געדיינק איך דיינע יאָרן.

# דורך נאַכט און שטילקייט

די נאַכט האָט ליב די שטילקייט,
דער טויט פון בעט דעם ראַנד;
ער גייט דורך נאַכט און שטילקייט,
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט.

שטיל, אויף מויל דעם פינגער,
נענט צום קראַנקנס בעט;
דרייט איין אין לאָמפּ דעם קנויט,
און שאַרט זיך שטיל אַוועק.

# פריידל טשאַרני׳ן

(אָ טעמפּער, אַלץ פאַרטויבנדיקער ווײ,
עס ברעכט זיך און צוברעכט זיך ניט מײן ברוסט,
צי איז מײן לעבן בויטיק דען אַזוי?
צי וועט מײן אָרט אַף דער ערד פאַרבלײבן פּוסט?
לעש אויס דעם פײערל פון מײן געצעלט
און גיב מיר רו, אָ גאָט, נאָר רו אַלײן,
עס וועט מיט מיר ניט אונטערגײן די וועלט,
עס וועט מיט מיר קײן שטערן ניט פאַרגײן.)
(פון אידער אַ ליד)

* * *

עס וועט מיט דיר ניט אונטערגײן די וועלט,
עס וועט מיט דיר קײן שטערן ניט פאַרגײן.
נאָר וועמענס וואָרט וואָלט אָנקלאַפּן אין עלנטנס געצעלט
און אָנפילן זײן האַרץ מיט תפילה׳דיק געוויין?

איך האָב דיך קײן מאָל מיט מײנע אויגן ניט געזען,
נאָר דורך דײן ליד האָב איך דײן לעבן ווי מײן אײגענעם געוואוסט,
און ס׳האָט מײן האַרץ דיר ענטפערן געוואָלט,
ס׳וועט דײן אָרט אַף דער ערד ניט בלײבן פּוסט.

ס׳איז דײן לעבן אַ בויטיקער געוועזן,
ווי יעדער וואָרט וואָס ווײנט ארויס פון דײן ערליך ליד,
ווי דײן געבעט צו גאָט, אז דער נס פון טויט זאָל דיר געשען,
און ווי דײן לעצטער רוף צום האַנט פון פײניקער,
וואָס האָט טעמפּ געזעגט דײן יעדן גליד.

און געשטאָרבן ביזטו, דער גרויסער נס איז דיר געשען,
געקומען איז די לאַנג געגאַרטע רו אײנגעוויגט די קראנקע גלידער,
פון ערגעץ איבער יאָמען פון אַן עלנטן שפּיטאָל,
זײנען ווי ווײסע מעוון, אָנגעקומען דײנע לידער.

# נאָכקלאַנג

נאָר שטילע רייד און גוטע ווערטער,
רעדט מען איצט פון איר,
און זי אַליין, רו און שטילקייט,
און טיפער אָפּשיי באַ איר טיר.

און געווען נאָר זאָרג און אומרו,
פּאַר אַ צווייטנס רו און גליק.
ביז לעצטער פרייד, ביז לעצטער מידקייט
אויפגעלויכטן אין יענעמס גליק.

צוגעמאַכט אַף זיבן שלעסער,
אייגן האַרץ, אין טיפן קלעם,
קיינער זאָל איר זאָרג ניט זאָרגן,
קיינער זאָל איר וויי ניט זען.

איר לעבן ווי די ווינטמיל־פליגל,
אין טאָג־טעגליכן געדריי,
און זי האָט געביינקט נאָך שטילע ווערטער,
און זי האָט געביינקט נאָך שטילע רייד.

# שטיל

שטיל גייט אָפּ דער טאָג פון ווייסן באַרג און פעלד,
פאַרגייט אין טייך פון גאָלד באַם ראַנד פון ווייסער וועלט;
צוויי גרויע פליגל־שאָטנס, איין לעצטער דינער קלאַנג,
מיין טראַכטן וועגן דיר, טיפער זון פאַרגאַנג.

שטילע ליגן פעלדער אונטער ווייסער דעק,
וויפיל שטילע ביינקשאַפט מיטן טאָג אַוועק;
ווי וואָלט זיך מיר עס וועלן, אַז דו זאָלסט איצטער שפּירן,
די טיפקייט פון די שאָטנס אין וואונדער פון קאָלירן.

עס רונדיקט זיך אין טונקל־ווייסער באַרג און פעלד,
אַ גרוי געשטרייפטער לייוונט נעמט אַרום די וועלט;
די זון איז שוין פאַרגאַנגען, אָוונט, נאַכט און שטערן,
מיין טראַכטן וועגן דיר, צער און שטילע טרערן.

# צו דיר

זיי קומען צוגיין און זיי מאָנען,
צאָרן און שטראָף זייערע ווערטער;
זיי מאָנען אַ חוב פֿאַרן לעבן,
מיך ציט צו פֿאַראייִנזאַמטע ערטער.

זיי קומען צוגיין און זיי מאָנען,
וואָס זאָל איך, וואָס קאָן איך זיי געבן?
איך וויל ניט מישן מיט זייער צער און זייער צאָרן,
דעם ווײ פֿון מיין אייגענעם לעבן.

מיר ווילט זיך קומען צו דיר,
זיך זעצן אַפֿן פֿעלד אַפֿן קילן;
צולייגן מיין האַרץ צו דער ערד,
דערהערן דיין אָטעם דיין שטילן.

מיר ווילט זיך קומען צו דיר,
מיט דער מידקייט פֿון מיין אייגענעם לעבן;
זיצן בײַ אַ זייט פֿון אַ שטיין,
אין שאָטן פֿון רו פֿון דיין לעבן.

נאָר אין געסט בײַ אַן אייגענעם טאָטן,
נאָר צו גאָסט בײַ אַן אייגענעם קינד;
קען דאָס האַרץ אַזוי ווערן באַרוהיקט,
קען מילד אַזוי צערטלען דער ווינט.

# קאַלטע ווינטן

ארום מיר איז אַלץ
ווי אַמאָל געווען,
נאָר מיט מיר אַליין
איז עפּעס וואָס געשען.

פּוסטעוועט מיין האַרץ,
איז האַרבסטיק מיין געמיט;
עפּעס איז אַוועק,
קומט ניט מער צוריק.

פאַרלאָזן איז מיין האַרץ,
ווי אַ ליידיקער נעסט;
קומען קאַלטע ווינטן,
קומען גרויע פרעסט.

# ווענד דיינע אויגן צו מיר

וואונדער פון טאָג באַם פאַרגיין,
הינטער שלאָס פון גאָלדענער טיר;
שיינקייט פון קינדערשע הענט,
ווענד דיינע אויגן צו מיר.

דאָס טיפקייט פון וואָרט איז ניט טיף,
אייביקייט, ווייט און קאַלט;
דאָס האַרץ געדיינקט און פאַרגעסט,
יוגנט דורך יאָרן ווערט אַלט.

דער שענסטער חלום פאַרגייט,
ווי די זון אין ראָזן רויך;
ליבע רינט אויס פון זכרון,
און פון ליכטיקע אויגן אויך.

מיט חכמה פון וועלט אין מיין בלוט,
בין איך מיד, בין אַלט און בין שטום,
קום שיינקייט פון קינדערשע הענט,
קום חלום צוריק, צו מיר, קום.

# יעדער נאַכט

יעדער נאַכט קומט דער רעגן,
קלאַפּט און קלאַפּט אַף מײַנע שויבן;
קעגן איבער מײַנע פֿענסטער
לויכטן לאָמפּן אין די שויבן.

קעגן איבער אין די פֿענסטער,
אַלטע לײַט װי װײַסע טויבן;
זיצן פֿרום איבער די ספֿרים,
און דער רעגן קלאַפּט אַף מײַנע שויבן.

קעגן איבער מײַנע פֿענסטער,
שלאָפֿן מענטשן אין רו און גלויבן;
און צו מיר קומט דער רעגן,
קלאַפּט און קלאַפּט אַף מײַנע שויבן.

# פון טיפן טרויער

(מאַרווינען מיט ליבשאַפט)

.1

פון טיפן טרויער וואָס דו טראָגסט אין זיך
וועט אויסוואַקסן אַ בוים מיט ברייטע צווייגן;
און שפּרייטן אַ שאָטן פון סוד אַרום זיך,
און סיי זומער, סייווינטער, גרינען און שווייגן.

.2

און צייט, ווי אַ גאָלדענער ווינט,
וועט ברייינגען צוריק דיר די וואַרימע זון;
נאָר מיך וועסטו דאָ ניט געפינען;
מיך וועט דער פאַלן פון גאָלדענע בלעטער פאַרשפּינען;
מיך וועסטו דאָ ניט געפינען.

.3

דיין וואָרט איז דין, און שטיל, און באַשיידן,
אומעטיק און שיין ווי דאָס טרער פון אַ קינד;
זאָל עס נאָר פאַלן אַף ערלאַכע הערצער,
זאָל עס נאָר גרייכן ווי פאַרגעבונג אַף זינד.

# טרויער טיף ווי נאַכט

טרויער טיף ווי נאַכט
שנייט דורך דיין איינזאַם גאַנג;
שלעפערט איין אין דיר
ווייטאָק און פאַרלאַנג.

ביזט אַליין דער חלום
וואָס זעסט זיך באַם פאַרגיין;
דיין האַרץ אין אייגן בוזים
אַ שווערער קאַלטער שטיין.

פאַלסט אום צו דער ערד,
בליי דיין יעדער אבר;
און דיין וועלט אַרום —
א נאַכטיק שטומער קבר.

# וואו זאָל איך גיין?

אַז דיין וועלט איז אַ נאַכטיקער ים אין געוויין —
איז וואו זאָל איך גיין?
אָ, וואו זאָל איך גיין.

אַז ווי נאָר איך שטעל מיין ניט זיכערן טראָט —
פאַלט אַזוי שווער
דיין שטראָף אויף מיין קאָפּ.

און מיין האַרץ אין איר קלעם, דאַרף אַזוי רו,
און זוכט דיך אַרום,
און געפינט ניט קיין רו.

און מיינע פיס זיינען מיד, פון דאָרן און שטיין,
וואו זאָל איך גיין?
אָ, וואו זאָל איך גיין.

# ווײַל איך בין אַלײן

(יודיקאַ׳ן)

ווײַל איך בין אַלײן,
ווײַל דו ביזט אַלײן;
קום איך צוגײן,
קומסטו צוגײן.

איך לײען אַ ליד,
דו לײענסט אַ ליד;
און איך בין מיד,
און דו ביזט מיד.

איך זיץ און שווײַג,
דו — שטיל ווי אַ טויב,
איך ווײס אַז דו ווײסט,
דו גלויבסט אַז איך גלויב.

# אַליין

גרין די לאָנקע,
זאַט די קו,
און איך זוך רו,
און איך זוך רו.

אַ פויגל זינגט
זיין לעצטע ליד,
און איך בין מיד,
און איך בין מיד.

די נאַכט וויגט איין
אַ בלאַט פון בוים,
איך בין אַליין,
איך בין אַליין.

# זיצנדיק אַף אַ שטיין

שטיין, דו שווייגסט —
און איך שווייג אויך,
קלוג און אַלט און שטום.

עס וויגט מיין שאָטן איבער דיר זיך
שווער, און שוואַרץ, און שטום.

מיין האַרץ ווענט שווער אַראָפּ צו דיר,
שטייניק שווער און שטום.

# קראָען אַף מיין וועג

מידע מיינע שעה׳ן,
שווערע מיינע טעג;
מחנות שוואַרצע קראָען
פליען דורך מיין וועג.

און אַרום דער הימל,
און וואָלקנס אויסגעשפרייט,
קומט קיין ווייסער פויגל,
אָנזאָגן קיין פרייד.

און אַף מיין וועג די קראָען,
קיין צייכן פון אַ פרייד;
גייט אַרום מיין מזל,
אין אַ שוואַרצער קלייד.

# שטיל מיין געוויין

שטיל מיין געוויין,
עס זאָל קיינער דיך הערן,
עס ווייקט זיך די וועלט
אין אירע אייגענע טרערן.

ס׳האָט קיין מאָל איר פּיין
דיין ווייטאָק דערפילט,
ס׳האָט קיין מאָל דיין טרער
איר וויי ניט געשטילט.

שטיל מיין געוויין,
ס׳וועט דיך קיינער ניט הערן,
עס ווייקט זיך די וועלט
אין אירע אייגענע טרערן.

# אלץ וואָס איז שיין

פון דאַנעץ, פון דאַנעץ
וואוהין וועל איך גיין?
צום גראָז און צום שטיין,
און צום וואָרים אונטערן שטיין.

און וואָס וועט דאַן ווערן
פון אַלץ וואָס איך רוף שיין?
ס׳וועט בלייבן שיין,
אייביק שיין.

פון דאַנעץ מיט מיר —
ווער וועט גיין? ווער וועט גיין?
אַלץ וואָס איז ליב,
אַלץ וואָס איז שיין.

## זאָגסט

זאָגסט ס'איז אַ נאַרישער שפּיל,
אַ חלום וואָס געדויערט ניט פיל,

און זאָלסט נאָר די אויגן פאַרמאַכן,
וועסטו מער קיין זאַך ניט זען.

ניט די קוישן מיט שטערן אין הימל,
ניט די קוישן מיט חלום אַף דער ערד,

און ס'וועט זיין ווי ס'וואָלט גאָרניט געווען,
זאָלסט נאָר די אויגן פאַרמאַכן.

# מיין וואָרט איז צו אָרים

איך וועל אַלץ וואָס איך וויל —
ניט דערזאָגן מיט לידער,
מיין וואָרט איז צו אָרים
מיין חלום צו רייך.

און וויינט דורך מיין בלוט
מיט טויזנט געוויינען,
און זוכט דורך דער פינסטערניש
וועגן צו אייך.

# די זון און איך

די זון האָט גאָלדענע הענט,
די ערד אַ גרינע קלייד;
און איך האָב א פאַרביינקטע האַרץ,
וואָס דורשט אַזוי נאָך פרייד.

די זון האָט וואַרימע ליפּן,
דער בוים האָט פולע קנאָספּן,
מיין טראָט, אין זוכעניש נאָך פרייד,
האָט האַלב די ערד שוין אויסגעממאָסטן.

די זון קושט הייס די קנאָספּן,
די זון גלעט זאַכט די גראָזן;
און איך, וואָס בּיינק אַזוי נאָך זון,
בין איינזאַם און פאַרלאָזן.

## ביטע שיין

איך בין די ניט באַצאָלטע דינסט
וואָס דינט דעם לעבן טריי און ערלאַך,
איך טראָג דעם לאַסט און קלאָג זיך ניט,
אַפילו ווען דער פּאַק איז שווערלאַך.

איך בין די ניט באַצאָלטע דינסט,
און באַקום מיין לוין אין באַרע רענדלאַך;
איך צייל דאָס גאָלד פון זון אַף ערד,
און קלייב די לוין פון דאַרע שפּענדלאַך.

איך בין די ניט באַצאָלטע דינסט,
וואָס טוט איר אַרבעט מיט אַ שמייכל,
און וויל עס זאָל געפעלן זיין,
ביטע שיין, און זייט נאָר מוחל.

# דער חלום פון דיין קומען

עס צייטיקט זיך אין מיר
דער חלום פון דיין קומען,
דיין אָטעם שטעכט די לופט,
דיין ציטער בויגט די בלומען.

סערפּ אין דיינע הענט,
האָט גאָלד פון פעלד פאַרנומען,
עס קלאָרט זיך אויס אין מיר,
דער חלום פון דיין קומען.

# אָן גראַם

מיין מזל איז מיט די
וואָס גייען שווער אין שפּאַן;
מיך וועט ניט אויסלייזן
ניט דאָס וואָרט,
ניט דער בעסטער גראַם.

איך וועל אומפאַלן ווי די
וואָס גייען שווער אין שפּאַן;
מיט פאַרקראַמפּטע ליפּן,
אָן וואָרט און אָן גראַם.

# צו אַזוינע ווי דו און איך

צו אַזוינע ווי דו און איך,
קומט דער פרילינג נאָר אַף אַ רגע,

צו אַזוינע ווי דו און איך —
קומט דער זומער קיין מאָל ניט.

צו אונז קומט אַ לאַנגער ווינטער,
צו אונז קומט אַ קראַנקער האַרבסט.

מיר וועלן זיך אריינ׳גנב׳ענען אין אַ פרעמדן גאָרטן
וואו זומער שטייט אַ לאַנגע צייט,

און ווי צושראָקענע פויגל, נאָך יעגערס שאָס
דאָרט בלייבן ליגן, זייט באַ זייט.

# אזוי וואונדערלאַך שיין

חלום פון שניי, אזוי ווייס אַזוי שיין,
אַזוי ווייס און בלוי און וואונדערלאַך שיין.

חלום פון ים, אַזוי פאַרפירעריש גרין,
אזוי וואונדערלאַך גרין און פאַרפירעריש שיין.

חלום פון יוגנט, אזוי וואונדערלאַך ווייט,
אַזוי ווייט, און ווייס, און בלוי, און גרין,
ווי דער חלום פון ברעג פון אַ ים.

# וואוהין ?

וואוהין? וואוהין רייסטו זיך מיין אויג ?
וועלכע ווייטן ווילט זיך דיר אַנטדעקן ?
פון ערד ביז הימל איז איין אויגנבליק,
פון ערד ביז הימל, און אַלע וועלטן עקן.

ניטאָ מיין אויג, ניטאָ וואוהין צו גיין מער,
וועגן נייע אַלע אויסגעטראָטן,
אומעדום דאָס זעלבע, ערד און הימל,
אומעדום דעם זעלבן וועג געטראָטן.

אין רו פון נאַכט, בלייכט זיך די לבנה,
רו פון נאַכט, לייטערט דעם געמיט,
וואוהין, וואוהין נאָך, רייסטו זיך מיין אויג,
פון ערד ביז הימל, איז איין אויגנבליק.

## צו . .

איך האָב דיך היינט דערזען
אין גרויען אַש פון טרויער,
מיט שאָטנס אַף דיין פנים
פון טיפן האַרבסט פאַרווייט.

דיין זיכערקייט און גלויבן,
פעסט און שטאַרק ווי מויער,
פון דיין האַרצן אויסגערונען
און הילפלאָז ווי אַ בלאַט
אין ווינטער איינגעשנייט.

*   *
*

טיף צוקאַרבט דער פּנים
ווי פֿון מעסער שניט,
ניט קיין שפּור פֿון פֿריידן,
ניט קיין טרער וואָס גליט.

שטומער צער פֿון אויגן
טיף אין האַרצן בריט,
הענט, צוויי שטומע עדות
פֿון אָפּגעטאָן, און מיד.

# טויזנט שטיינער אַף מיין האַרצן

טויזנט שטיינער אַף מיין האַרצן,
טויזנט שלעסער אַף מיין מויל,
און דאָס וואָס בינדט מיך צום טאָג פֿון מיין זיין,
איז טויזנט מאָל נישט און טויזנט מאָל גרויל.

און דאָס וואָס בינדט מיך צום טאָג פֿון מיין זיין,
וועגט מיך ארונטער ביז קנעכטשאַפט און רוט;
איך קאָרטשע זיך אין ווייטאָק אונטער דער לאַסט,
אין שווערער שטוממקייט, ווי בליי דורך מיין בלוט.

# שווער

ס'וועט דיך קיינער באַדויערן,
ס'איז ניטאָ ווער,

און דיר איז אומעטיק,
און דיר איז שווער.

דער וועג איז ווייט,
און דו מוזט גיין;

דיין טראָט איז שווער,
און ביזט אַליין.

ווייסט ניט פאַרוואָס'
און מוזט גיין,
און מוזט גיין.

# שמאָלע וועגן

אינגל מיין בלאַסער,
אינגל מיין שלאַנקער;
מיין וואָר און מיין חלום,
מיין גאָלדענער קראַנקער.

שמאָל אונזער וועג,
געמאָסטן דורך איילן;
וואו זאָל איך דיך פירן,
ווי זאָל איך דיך היילן.

דיין קאָפּ אַף מיין אַקסל,
דיינע הענט אין מיינע הענט;
אונז שרעקן די שאָטנס,
דורך שפּאַרונעס פון ווענט.

איבער גרין ברייטע פליינען,
היינגט דער הימל צוהעלט,
און פאַר דיר און פאַר מיר,
איז אַ ענגע די וועלט.

וואו זאָל איך דיך פירן?
ווי זאָל איך דיך היילן?
אונזער וועג איז א שמאָלער,
געמאָסטן דורך איילן.

# מיין קינד וואָס וועט בלייבן נאָך מיר

מיין ערשטלינג מיט די ליכטיקע אויגן,
מיין קינד מיט די גאָלדענע האָר;
האָט אָפּגעלעבט זיין וועלט און געשטאָרבן,
אַף זיין צענטן יאָר.

איך האָב אים געטראָגן מיט זיך,
אין מיינע ווייענדיקע גלידער;
און האָב פאַרשריבן זיין נאָמען,
ווי אַ טרער, אין מיינע לידער.

מיין לעבן וואָס צאַנקט ווי אַ ליכט,
וועט ענדלאָך זיך מוזן פאַרלעשן;
מיין קינד מיט מיין אָנבליק אין זיין געזיכט,
ער וועט מיך מסתם ניט פאַרגעסן.

מיין קינד וואָס וועט בלייבן נאָך מיר,
מיט מיין ירושה מיין קראַנקער;
וועט מיך מסתמא געדיינקען,
אים וועט נאָך מיין טויט אפשר באַנק טאָן.

נאָר אַז זיין אייגענער לעבן וועט לעשן,
ווי מיינער, דורך ליידן אַ קראַנקער,
און אויסגיין ווי אַ דינינקער פלעמל,
וועט קיינעם פאַר אים שוין ניט באַנק טאָן.

ווי א ליכט אַ לעצטע אין שול
און דער עולם פון לאַנג זיך צוגאַנגען,
און קיינער זעט עס ניט אויסגיין,
און קיינער זעט עס ניט צאַנקען.

# ווי אַלע גייער

איך בין דורכגעגאַנגגען מיין וועג
ווי אַלע גייער,
און באַם סוף פון וועג
ווערן אַלע גייער מיד,
און מאַכן צו די אויגן אָן אַ ליד.

איך האָב אויסגעלייענט טונען לידער
און ס'איז קיין איינע מיר געבליבן פאַר אַ וויג,
איך וועל שטאַרבן אָן אַ ליד.

און פון אַלע באַגערן
איז מיר געבליבן איין באַגער,
צומאַכן די אויגן
און ניט דאַרפן עפענען זיי מער,

אָן אַ ליד, מיט אַ ליד,
איך בין מיד, מיד, מיד.

# ווי דו

האַרבסט, כ׳ווייס אויך דעם קונץ ווי דו
צו שוואַרצן זיך די גרויע האָר,
צו לייגן פאַרב אַף די קנייטשן־באַקן,
און גיסן טראָפּן אין די אויגן
זיי זאָלן אָנהאַלטן דעם גלאַנץ

האַרבסט, כ׳קען אויך ווי דו
נאָך שטורמדיקע לאַנגע נעכט
אַראָפּקוקן אַף בלעטער חרוב׳ע
מיט שמייכל אַף די ליפּן.

האַרבסט, כ׳׳ווייס אויך דעם קונץ ווי דו,
צו אָנטאָן זיך אין רייכסטן קלייד.
און אומגיין לאַכנדיק,
און אומגיין זינגענדיק,
צווישן בוימער נאַקעטע,
צווישן נעסטן ליידיקע,

אומגיין לאַכנדיק,
אומגיין זינגענדיק,
און זאָלן זיי ניט וויסן,
און זאָלן זיי ניט טראַכטן,
אַז הינטער באַרג און וואַלד,
פאַלט אַ ווייסער שניי.

# חובות

ניט אויסגעלעבטע מיינע זינד,
קלאַפּן אין מיין טיר.
ניט דורכגעלעבטע מיינע זינד,
בעטן זיך צו מיר.

געטרייע שטאַרקע וועכטער מיינע,
באַוואַכט האָבן מיין טיר,
זיינען יונגע לייכטע מיינע זינד,
ניט אַריין צו מיר.

מידע קראַנקע וועכטער מיינע,
שטייען בײַ מיין טיר.
ניט דורכגעלעבטע מיינע זינד,
קלאַפּן אין מיין טיר.

# די וויג

איך האָב מער קיין ווערטער צו זאָגן דער וועלט,
זי איז בלינד און איז טויב ווי די וואַנט;
אָבער מיר האָבן דאָך ביידע געבויט אַ געצעלט,
קום, גיב מיר דיין ערליכע האַנט.

די וועלט איז אי קאַלט אי אכזריות׳דיק שלעכט
אַ חיה וואָס דורשט נאָר נאָך בלוט,
אָבער מיר האָבן דאָך ביידע געחלומ׳ט פון רעכט,
און איינער דעם אַנדערן יע, געזאָגט גוט,

מיר האָבן דאָך ביידע פאַרפלאַנצט אַזאַ וויג,
אין אַ הייל אין אַ טיפן באַ אַ שטיינערנער וואַנט,
וואו צייט וועט עס שיצן מיט אייביקער רו,
און עס וואַכט איבער דעם אַזאַ אייביקע האַנט.

מיר האָבן דאָך ביידע דעם וויג דאָרט געשטעלט,
און געקניט פאַרן טויט מיט קעפּ ביז צום זאַמד;
און שאָטנס פון אייגענע יאָרן געשפּרייט,
איבערן וועג, צום וויג, באַ דער וואַנט.

## גלויבנדיק

איך וועל אויך גיין מיט די וועגן
וואו עס גייען מידע זוכער,
ווי עס גייען שניי און רעגן,
מיט אַ שליחות ביז צום פֿאַלן,
וועל איך גיין.

## געהאָרכזאַמקייט

און אַז מיין מזל וויל אַזוי,
וועל איך אומגיין אַזוי,
נאָר אין שוואַרצן געקליידט,
אַף וועגן שמאָל און פֿאַרדרייט,
מיט מיין מזל באָם זייט
וועל איך אומגיין אַזוי.

## אייביקע יוגנט

איך וועל שטאַרבן אָן גרוי האָר,
און וועל לאָזן נאָך זיך אַ קראַנקן דור;
וואָס וועט שטאַרבן אַזוי ווי איך,
מיט גרויל אין די אויגן
און שוואַרצע האָר.

# צום ווייסן וויכער

נעם מיך אַרויף אַף דיינע פליגלען,
פאַרטראָג מיך מיט זיך אַף דיינע זעגלען,
דו ווייסער וויכער.

פון טיפן נעפל וואו עס גרויט מיין לעבן,
ציִ מיך אַרויס און לאָז מיך שוועבן, מיט דיר
דו ווייסער וויכער.

איך וויל פליען אין די ווייטע הויכן,
און ווי דו אין די הימלען גרייכן, נעם מיך מיט
דו ווייסער וויכער.

אַף דיינע פליגל—ברייט און ווייך
צו דיין טורם ווייט און הויך,
וואו דו טראָגסט זיך פריי און זיכער,
וויל איך פליען; מיר איז דאָ ענג;
נעם מיך מיט
דו ווייסער וויכער.

# מיט וואָס?

מיט וואָס זאָל איך שטילן מײַן אומעט?
מײַן בײַנקשאַפט מיט וואָס זאָל איך שטילן?
אַז עס האָט זיך אויסגעלאָזט מײַן גלויבן,
און אויסגעלאָזט מײַן ווילן.

מײַן מאַמע רעדט מיט חכמה פון פֿאָלק,
אַלץ, זאָגט זי האָט, אַ וועג און אַ טאָלק;
ווי פֿייגל, זאָגט זי פֿליִען די יאָרן אַוועק —
און קומען ניט צוריק.
און וואָס איז די נפֿקא־מינא
צי אין צער צי אין גליק?

און מײַן אינגסטער זון,
מיטן קאָפּ אין דער הויך,
ווי אַף פּאַגאַדע דער רויך,
טראַציק און גלויביק —
מיט געוואַגטן טראָט,
צום לעבן און טויט און צו גאָט.

# אַ געבעט פון אַ פרוי

גאָט, נעם מיך צו פון דער וועלט,
צו דיין בעסערער רוהיקער וועלט,
וואו ס'וואַרט גרייט אין דער טיף מיין געצעלט,
פון זאָרגיקן טומל פאַרשטעלט.

גענוג מיך געפירט באַ דער האַנט
אין צירק פון דיין לעבנדיק לאַנד,
מיך שווינדלט דער אומגיין אַף שטריק,
גענוג שוין — איך וויל שוין צוריק.

ס'איז מער לעכערלאך ווי עס איז שווער,
און אַז איך ווייס שוין דעם טעם פון מער ווי איין טרער ?
פון ווייטאָק און פרייד, פון בוי און צושטער,
גענוג זאָל זיין, כ'וויל שוין ניט מער !

איך בין אַ פרוי וואָס קען איר שטאַם
און האַלט ווי מיט ציין ארום זיך דעם צאַם
כאָטש עס שפרינגט דאָס האַרץ ווי אַ צושראָקענע לאַם,
איך לעש מיט טרערן דורך געכט דעם פלאַם.

איך בין אַ פרוי וואָס האָט אַ מאַן,
און שלעפט מיט אים דעם שווערן שפאַן,
איך אין דערהיים אונטער שטעכיקן צאַם,
און ער ווי אַ בלודנע שיף אַפן ים.

מיר האָבן באַנאַנד אונזער עלנט געזייט,
איך אין דער היים הינטער שטעכיקן פלויט,
ער איבער וועגן קרום און פאַרדרייט,
ווי א בלינדער גייער, זוכט זיין ברויט.

איך בין אַ מאַמע וואָס האָט געבוירן,
לעבן געגעבן און צוריק פאַרלוירן,
עס האָט מיך יענע גרוב באַשוואָרן;
ביז איך בין מיט אים, איינס געוואָרן.

ס׳האָט דיין האַנט אַזוי באַפוילן,
שטעל אַוועק אַ וויג אין היילן,
וועסט דיין קינד דאָרט קענען וויגן,
וועט דיר היימלאך זיין דאָס ליגן.

איך ווייס דעם ניגן פון מער ווי איין ליד
נאָר איצט בין איך מידער ווי מיד,
און וויל ווייט און וויל שטילקייט און רו,
קום: מאַך די אויגן מיר צו.

# אינהאַלט

## I



## II



## III

## IV

זייטל

## V



## VI



## VII